א. מידע

# עפּיזאָדן פון יידישן טעאַטער

ערשטער באַנד — 4טע אויפלאַגע



A. MIDE- EPISODIOS DEL TEATRO JUDIO

הילע פּראָיעקטירט און געצייכנט פון „שורא" (זון פון קלאַרא פרידמאַן)

דאָן מאַריאַנאָ פעלדשטיין, מיין ערשטן פריינד
ביים יידישן טעאַטער אין אַרגענטינע, איז
געווידמעט.
געווידמעט דער עפּיזאָד.

א. מ.



א. מידע

# עפיזאָדן פון יידישן טעאטער

ערשטער באַנד — 4טע אויפלאַגע

אַ מתנה פאַר מיין געטרייער פרוי
**קלאַראַ פרידמאַן**
אַ דאַנק איר איניציאַטיוו זענען די
עפיזאָדן געשריבן געוואָרן.

דער מחבר

בוענאָס איירעס, 1957

# אינהאַלט פון ערשטן באַנד

## אין אַרגענטינע


אקטיאָר אָדער א חזן
די סטאַרס פאַרשפּעטיקן די שיף
די זעלבע באָרד אין צוויי פּיעסן
א נאַיווער אקטיאָר וואָס וויינט
מיין חלום וועגן יידיש טעאַטער אין צענטער
מאָרים שוואַרץ קען אויך זינגען לידלעך
דער גענעראַל אינעם שלאָף־ראָק
די אַקטריסע וואָס האָט זיך פאַרמאַסטן
קלאַראַ פּרידמאַנס אייביקער צער
א משפּט איבער סטאַריזם אינעם יידישן טעאַטער
יוסף בולאָוו און לובאַ קאַדיסאָן
דער סטאַר און דער וועוויק
דער געיעג נאָך גאַסטראָלאָרן
דער בעל־שם־טוב און די אַקטריסע
צווישן טויטע אקטיאָרן


## אין נאָרד־אַמעריקע


כ׳זוך סטאַרס פאַר בוענאָס־איירעס
א באַגעגעניש מיטן באַרימטן דראַמאַטורג אָסיפּ דימאָוו


## אַ נע־ונד־אַקטיאָר אין אייראָפּע


צו 16 יאָר ווער איך א יידישער אקטיאָר
מי זנאַיעם ריבאַלסקאָווא
שישי — פאַר אַן אקטיאָר
דער אוראַדניק וויל אראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג אין מיטן שפּילן
יידיש טעאַטער אין קריגס־געפאַנגענשאַפט

# אַקטיאָר אָדער חזן

ביזן היינטיקן טאָג איז ביי מיר נאָך נישט פאַראַן קיין באַשטימט־קייט, צי איך האָב נישט געמאַכט קיין טעות, מיטן איבערבערענגען קיין אַרגענטינע יצחק דייטשן.

איך פלעג תמיד בלעטערן די אויסלענדישע צייטונגען, זוכנדיק אַ נייעס, אַ נייע אַטראַקציע פאַרן בוענאָס־איירעסער יידישן טעאַטער. אין דער זעלבער צייט, דאָס הייסט אין דעם זעלבן פעריאָד, האָט אויך געבליט אין איי־ראָפּע דער אַקטיאָר ערנסט דייטש. ביידע „דייטשן" האָבן דעמאָלט געהאַט אַ גרויסן נאָמען אַלס קינסטלער: יצחק דייטש, אַלס אַקטיאָר און רעזשיסאָר פון פאָול באַראַ־טאָוו, און ערנסט דייטש אַלס קינסטלער אין דייטשלאַנד. געלייענט האָב איך אַ סך פון און וועגן טעאַטער, אַזוי אַז כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט צו איינעם פון די צוויי דייטשן — צו יצחקן. אפשר דערפאַר, ווייל ר'איז מיר געווען נענטער צום האַרצן. יצחק איז דאָך פאָרט נענטער ווי ערנסט. און אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ,



יצחק דייטש

האָבן היגע יידישע שרייבער שטאַרק געלויבט יצחק דייטשן פאַר זיין אַהערקומען. אויך היגע יידישע אַקטיאָרן פון גאַליציע האָבן מיט לויב און שבחים גערעדט וועגן אים.

אַזוי אַז איך האָב באַשלאָסן מזכה צו זיין אונדזערע אַרגענטינער יידן מיט יצחק דייטשן אַלס גאַסט און סטאַר פאַרן טעאַטער „אָלימפּאָ" אינעם יאָר 1925 אין בוענאָס־איירעס.

דאָס האָט מיר גלייך פאַרשאַפט אַ נישקשהדיק פעקל מיט עגמת־נפש.

ווי נאָר יצחק דייטש איז אָנגעקומען אין ב. איירעסער פּאָרט, אָנשטאָט ער זאָל מיך באַגעגענען ווי זיין עמפּרעסאַר און אריבערברענגער, וועלכער האָט אים געשיקט אַ שיפסקאַרטע צווייטע קלאַס, אויך הונדערט דאָלאַר אין פאָראויס (און אין יענער צייט, אין 1925, איז דאָס געווען נישט קיין לייכטער ענין צו ריזיקירן אַזויפיל געלט ביים יידישן טעאַטער), אָנגעשטאָט צו רעדן צו מיר וועגן דער פּיעסע, אין וועלכער ער דאַרף אויפטרעטן, מחמת דער טעאַטער „אָלימפּאַ" איז געוואָרן 8 טעג אָפּגעשטעלט צוליב און פאַר זיין קומען, האָט ער זיך קודם־כל גענומען משמח זיין מיט זיין משפחה. ס'האָט אויסגעזען, פּונקט ווי זיי וואָלטן אים געבראַכט, ווי זיי וואָלטן אים געשיקט דאָלאַרן.

ער האָט זיך געגרייט מיט זיי אַוועקצוגיין פון פּאָרט, נישט זאָגנדיק מיר אַפילו קיין גוטן טאָג. דער וועטעראַן פון יידישן טעאַטער בן־ציון פּאָלעפּאַדע, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די ביי מיר אַנגאַזשירטע אַקטיאָרן און יצחק דייטשס אַ פריינט, האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין אויפפירונג און אים געפרעגט, פאַרוואָס ער שמועסט זיך נישט דורך אַ מינוט מיט מידען.

— ס'איז דאָך דיין עמפּרעסאַר! — האָט ער אים געזאָגט.

יצחק דייטש האָט באַוויליקט מיר צו זאָגן, אַז ער וועט פאַרנאַכט צוקומען אין טעאַטער, ווייל ער דאַרף מיט מיר עפּעס וויכטיקס רעדן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס בלוט האָט אין מיר געזאָטן. מיין פאַרדרוס איז געווען גרויס. וואָס איז דאָס פאַר אַן האַנדלונג? דער יידישער טעאַטער וואַרט אויף אים; אַקטיאָרן האָבן שוין באַלד אַ חודש נישט באַקומען קיין געצאָלט, וואַרטנדיק אויף דער ישועה; איך אַליין האָב זיך אָנגעבאָרגט געלט ביי פריינט צו קענען אים שיקן אַ שיפסקאַרטע מיט געלט, און צום סוף איז ער זיך אַוועקגעגאַנגען אַזוי קאַלט, גלייך ווי גאָרנישט...

אויפן וועג פון פּאָרט צום טעאַטער האָב איך אָנגעהויבן אַריינטראַכטן און זיך גריבלען וועגן זיין האַנדלונג. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? נישט אַנדערש, נאָר ער וויל דיסקוטירן וועגן די קאָנדיציעס. די פאַמיליע זיינע האָט אים באַלד ביים פּאָרט איינגערעדט, אַז כ'האָב אים פאַרנאַרט אין זאַק אריין; אַז 750 פעזעס אַ חודש איז צו ווינציק. ער איז אַ גרויסער קינסטלער, ער קען פאַרדינען און איז ווערט אַ סך מער.

מיין ווייטיק האָב איך די אַקטיאָרן נישט דערציילט. כ'האָב אויך

נישט געקענט באַגרייפן ווי מען קען זיין אַזאַ קאַלטער גזלן: האָסט אָפּגע־מאַכט? האָסט אַ קאָנטראַקט? לויטן אויסזען זיינעם האָט ער ניט געמאַכט קיין איינדרוק ווי אַן אַקטיאָר; אָן שאַרפע שטריכן; אַ נידעריקער, מיט אַ קרום נעזל, מיט אַ ווייסן טאָן אַ קאַלטן. ווי האָט ער גענומען צו זיך אַזוי פיל שטאַרקייט?

די משפחה זיינע האָט דאָך פאַר אים גאָרנישט געטאָן, אַז ער זאָל קענען קומען אַהער פונעם ווייטן אייראָפּע.

אָנקומענדיק אין טעאַטער מיט מיין צעבראָכענעם געמיט, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ טעלעגראַמע פון אויסלאַנד, אַז לעאָניד סאָקאָלאָוו איז שוין אַרויסגעפאָרן צו מיר פון ריגע.

איך האָב מיט אַן אינערלעכער פרייד באַהאַלטן די טעלעגראַמע ביי זיך און באַשלאָסן צו באַגעגענען יצחק דייטשן ווען ער וועט קומען צו מער אין טעאַטער מיט זיין „עפּעס וויכטיקס"...

זיצנדיק דערנאָך מיט אים אין קאַפע נעבן טעאַטער, האָב איך אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ וויכטיקס ער האָט מיר צו זאָגן.

— כ'האָב געמאַכט אַ טעות מיט די קאָנדיציעס — האָט ער מיר גע־זאָגט. — כ'האָב געמיינט 750 פעזעס אַ וואָך.

כ'האָב געשוויגן, אים געלאָזט רעדן.

— כ'בין געפאָרן איבער דריי וואָכן אויף דער שיף — האָט ער פאָרגעזעצט זיינע טענות. — כ'בין צום ערשטן מאָל אין אַרגענטינע.

— טאָ וואָס־זשע ווילט איר? — האָב איך אים געפרעגט גאַנץ קאַלט.

— כ'וויל ברוטאָ פּראָצענטער — האָט ער מיר געענטפערט.

אַ בליץ־געדאַנק איז מיר דורכגעפלויגן אין מיין מוח. סאָקאָלאָווס טעלעגראַמע...

— גוט, — האָב איך געזאָגט — מסכים. וויפל פּראָצענטער ווילט איר, סעניאָר יצחק דייטש?...

— כ'וויל 17 פּראָצענט.

— גוט! — האָב איך געזאָגט. — כ'גיב אייך 15 פּראָצענט, אָבער נאָר אויף 24 טעג. נאָך די 24 טעג וועלן מיר ווייטער האַנדלען.

כ'האָב מיר אויסגערעכנט, אַז ביז סאָקאָלאָווס קומען דאַרף דויערן אַ דריי וואָכן. וועט דייטש געפעלן, וועל איך אים נאָכגעבן די זעלבע קאָנדיציעס אויך אויף ווייטער.

יצחק דייטש ווידער האָט אויפגעלעבט און אָקצעפּטירט די 15 פּראָ־צענט, זייענדיק זיכער אַז זיין סוקסעס איז אַ זיכערער. מיר האָבן גלייך געמאַכט אַ נייעם קאָנטראַקט און דעם אַלטן אַנולירט.

די דעבוט־פּיעסע „דער אַנטלאָפענער סאָלדאַט" האָט נישט אויסגענו־מען. די אַזוי־גערופענע מבינים האָבן גלייך אין אַנטראַקט געלאָזט הערן זייערע שטימען. זיי האָבן געשמועסט הויך, כדי איך זאָל הערן.

— וואָס פאַר אַן אַקטיאָר איז דאָס? ס'איז דאָך גאָר אַ חזן! מידע איז אַראָפּ פון זינען, ווען האָט ער געבראַכט? וואָס מיינט ער זיך, אַז מיר זענען אינדיאַנער! מיר האָבן דאָ געזען שפּילן מאָרים מאָשקאָוויטש, גאָלדענבורגן.

כ'האָב מורא געהאַט צו רעאַגירן און געטראַכט, אַז אפשר וועט זיך די לאַגע פאַרבעסערן ביי די אַנדערע אַקטן.

ווען מ'האָט געענדיקט די פאָרשטעלונג בין איך געזעסן ביי זיך אין ביוראָ מיט אַ פאַרמאַכטער טיר. די צווייטע נאַכט איז שוין דער עולם נישט געקומען. ס'האָט נישט געהאָלפן די רעקלאַמע, אַז יצחק דייטש איז געווען אין ווין באַראַטאָווס רעזשיסאָר.

— זאָל ער בעסער ווערן אַ חזן אויף די ימים־נוראים און מידע זאָל ווערן זיין גבאי — האָבן די יידן געגעבן עצהס. ס'האָט אויך נישט געהאָל־פן יצחק דייטשס אויפפירן אין אַן אַפּערע פאָרעם „די 3 מתנות" פון י. ל. פּרץ.

מיט יעדער אָוונט ווייטער איז די צאָל באַזוכער געוואָרן אַלץ קלענער און ביי דער לעצטער פאָרשטעלונג פון פּרצעס „3 מתנות" בין איך איי־נער אַליין געווען דאָס פּובליקום...

(יאָר 1925)

# די „סטארס״ פארשפעטיקן די שיף

פארצווייפלטע זענען מיר אלע געווארן, איך מיט מיינע אקטיארן. וואס טוט מען ווייטער? די סטארס האבן זיך פארשפעטיקט. דער סעזאן קען זיך נישט עפענען. די צוויי באריסטקייטן, וואס דארפן זיך שטעלן בראש פון דער טרופע, זענען נישט ארויס־געפארן מיט דער שיף פון ניו־יארק. די אק־טיארן פילן זיך ווי פארלוירענע שאף. איך באשעפטיק זיך מיט שיקן טעלעגראמעס אין אלע לענדער: קיין לאנדאן, פאריז, ווארשע. די טעלעגראפן־קאמפאניע „אל אמעריקאן קייבל״ איז ביזי, פארנומען מיט מיין טעא־טער־סעזאן. ס'זעט אויס ווי ערב א מלחמה.



מילי ציפקוס

אקטיארן שווייגן. קוקן צו מיר. זיי ווילן פארשן, צי האב איך אפשר געפונען א רע־טונג. ס'פעלט אין גאנצן דריי וואכן צום סעזאן און דער טעאטער „אלימפא״ אינעם יאר 1927 איז אן א סטאר.

צייטונגס־לייט גלויבן זיך נישט, אז א. מידע וועט עפענען זיינע טירן פונעם „אלימפא״ אן א סטאר.

די שליחים פון די טעלעגראף־קאמפאניעס פארן־צו צום טעאטער מיט די ביציקלעטן, ברענגען ענטפערס פון אויסלאנד; אקטיארן קוקן זיך איבער, האבן מורא צו פרעגן ווער ס'קומט, ווער ס'איז דער סטאר.

— ווער זאל עס זיין דער משיח?

אבער איידער זיי פארמולירן די פראגע, פארכאפ איך און דערקלער זיי:

— זייט וויסן, אז די אמתע סטארס, סידי שיינגאלד מיט סעם אויערבאך, קומען מיט דער נעקסטער שיף, דאס הייסט אין אכט טעג ארום.

(אין יענער צייט איז יעדע 8 טעג אפגעגאנגען א שיף פון ניו־יארק אהער).
נאר בכדי צו עפענען דעם טעאטער אין צייט, ווי עס איז אנאנסירט אין אלע צייטונגען, וועט מילי ציפקום פון בראזיל קומען אלס סטאר און עפענען דעם סעזאן.

אקטיארן האבן געשאקלט מיט די קעפ. זאל זיי אזוי — א ברירה האבן זיי?

איך האב באשלאסן צו אנאנסירן דעם טאלאנטירטן מילי ציפקום (זינא ראפעלס ברודער) אלס סטאר אויף 24 שעה, ביז עס וועט קומען די רעטונג פון אמעריקע...

זונטיק בייטאג און אוונט איז דער טעאטער געווען אינגאנצן אויס־פארקויפט. מאסן מענטשן זענען אוועק אן בילעטן.

ווען אייניקע פון די באקאנטע צייטונגס־מענטשן האבן מיך געפרעגט פארוואס איך האב נישט דערעפנט דעם טעאטער שבת ביינאכט, האב איך זיי געענטפערט, אז איך האב מורא געהאט מילי ציפקום צו לאזן אויפ־טרעטן שבת אוונט, ווייל איבערנאכט וואלט דער עולם זיך געכאפט, אז ער איז נישט קיין פאטענטירטער סטאר און איך וואלט פארלוירן די צוויי זונטיקדיקע „זבארן"...

בוענאס איירעס איז דאכט זיך א גרויסע שטאט, אבער באריידעוודיק ווי א קליין שטעטל; איבערנאכט ווערט געחתמעט דער גורל פון א פיעסע אדער פון א סטאר.

ווען מיר זענען נאך דער זונטיקדיקער אוונט־פארשטעלונג אהיימגע־פארן צוזאמען מיט די אקטיארן אין די פול באזעצטע טראמווייען, צווא־מען אויסגעמישט מיטן עולם, האבן מיך די אקטיארן מיט שרעק געפרעגט, צי מארגן וועט זיין א „זבאר", צי דער עולם וועט מארגן קומען אין טעאטער. איך האב זיי קאלט געענטפערט:

— ס'ווענדט זיך אין זיי — און כ'האב אנגעוויזן אויפן עולם. — אויב זיי וועלן שלאפן ביז שפעט, וועט דער מארגנדיקער טאג זיין א גע־ראטעוועטער.

נאר ווי עס ווייזט אויס, איז דער טעאטער־עולם מאנטיק גאנץ פרי אויפגעשטאנען צו דער ארבעט און זיך באגעגנט אין די קאפעען „כאפא־נעס" און „קיאטא" און קאמענטירט וועגן דעם נעכטיקן גאסטראלאר.

(יאר 1927)

# די זעלבע באָרד אין צוויי פּיעסן

געשפּילט האָט מען די פּיעסע „וואָס וועלן מענטשן זאָגן" אין טעאַטער „אָלימפּאַ" ביי די גאַסטראָלן פון סידי שיינגאָלד און סעם אויערבאַך. אויערבאַך האָט געשפּילט דעם טאַטן, סידי שיינגאָלד — איין טאָכטער, מאַרסעלאַ ווייס — די צווייטע טאָכטער. די פּיעסע איז געפעלן דעם צושויער. אויערבאַך האָט געסטאַרעוועט, ארויסגערופן טרערן און מיטלייד צום אומגליקלעכן טאַטן. בלויז זיינע בגדים האָבן געקענט רירן א האַרץ פון א שטיין: א געלן קליפּט (אזא פּאַלטאָ), א גרויען גאַרטל ארום די לענדן, א קאַלטעוואַטע באָרד, פאַרבלאַטיקטע שטיוול — א טיפּ פון א וואַסערטרעגער אין א קליין שטעטל פון פּוילן.

ווי די געוווינהייט איז דעמאָלט געווען אין יידישן טעאַטער צוליב דער קליינער צאָל באַזוכער האָט מען געמוזט אַלע 8 טעג שטעלן א ניי שטיק. די צווייטע פּיעסע האָט געהייסן „וווּ איז מענטשלעכקייט".

אַלס טעאַטער־דירעקטאָר בין איך אריין אין זאַל צו דער פּרעמיערע. כ'גיב א קוק — דער הויפּטראָליסט און סטאַר, סעם אויערבאַך, דרייט זיך ארום אויף דער בינע אין די זעלבע בגדים ווי אין דער פריערדיקער פּיעסע: אין זעלבן קליפּט, נוצט דעם זעלבן גרינעם גאַרטל, די זעלבע קאַלטעוואַטע באָרד...

כ'בין געוואָרן א דערצאָרנטער. כ'בין ארונטער אונטער דער בינע, אריין צו די סטאַרס אין קאַמאַרין און געוואַרט, אז זיי זאָלן ענדיקן דעם אַקט. סידי שיינגאָלד האָט גלייך דערקענט אין מיין פּנים, אז עפּעס איז דער מער. מסתמא האָב איך געהאַט נישט קיין זיסע מינע.

— וואָס איז געשען מידע — האָבןביידע צוזאַמען געפרעגט.

קאַלט האָב איך צו זיי געזאָגט:

— כ'האָב איצט געהאַט נישט קיין אַנגענעמען מאָמענט. זיצנדיק אין לאָזשע, האָט א ייד פון דערנעבן צו מיר געזאָגט: „סעניאָר מידע, יענע וואָך האָב איך געזען ביי אייך די פּיעסע „וואָס וועלן מענטשן זאָגן". האָט

אייער סטאַר, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון א טאטן, געטראָגן די זעלבע בגדים: פּאַלטאָ, שטריק, באָרד, שטיוול — אַלעס ווי אין דער היינטיקער פּיעסע...

אויערבאך איז געבליבן זיצן גלייך ווי דאָס לשון וואָלט ביי אים אפּגענומען געוואָרן.

סיידי שיינגאָלד האָט אונטערגעשמייכלט. אַלס קלוגע פרוי האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ס'איז מיינע אַן אייגענע פאַרפאַסונג. אויערבאך האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— נו, טאַטעלע, וואָס האָסטו אים געענטפערט?

— וואָס זאָל איך אים ענטפערן? איך האָב אים געזאָגט, דעם יידן, אַז ס'איז טאַקע דער זעלבער טאַטע ווי פון יענער וואָך, נאָר יענע וואָך האָט מען פאַרפירט איין טאָכטער און די היינטיקע וואָך — די צווייטע, אָבער ס'איז דער זעלבער טאַטע...

(יאָר 1927)

# קלאַרא פרידמאַן

## געקומען פון רוסלאַנד אין יאָר 1928



געשפּילט אונטער מיין עמפּרעסע אין ב. איירעס אין די טעאַטערן:
„נועוואָ", „עקסעלסיאָר", „קאָליסעאָ", „אַרכענטינא", „פּאָליטעאַמאָ"
„סאָלעיל" און „מיטרע".

# אַ נאַאיוועד אַקטיאָר וואָס וויינט

אברהם מאָרעווסקי האָט אין 1928 פאַרענדיקט זיינע דערפאָלגרייכע גאַסטשפּילן אין מיין טעאַטער „אַמבּו" אין בוענאָס־איירעס.

די יידן געדענקען געוויס די יום־טובדיקע טעג ביי דעם געקליבענעם רעפּערטואַר ווי אַנדרייעווס „דער וואָס קריגט די פּעטש", לייוויקס „שמאַטעס", אַנסקים „דער דיבוק", קאַציזנעס „דוכוס" און שלום אַשס „דער לאַנדס־מאַן". איך אַליין בין געווען תמיד אַ גוט־געשטימטער, און ביי אַלע פאָרשטעלונגען געזעסן אין לאָזשע.



אַ. מאָרעווסקי

אַ. מאָרעווסקי האָט זיך געגרייט, נאָכן דערפאָלג אין בוענאָס־איירעס, צו דער רייזע קיין ניו־יאָרק. ער איז געווען אַנגאַזשירט צו מ. שוואַרצן אין קונסט־טעאַטער.

— כ'וויל זיך מיט אייך האַלטן אַן עצה — האָט דער קינסטלער איינמאָל מיר אַ זאָג געטאָן. ווי איז אייער מיינונג, פריינט מידע, אין וועלכער פּיעסע זאָל איך אויפטרעטן ביי מאָריס שוואַרצן אין ניו־יאָרק?

— אַלע פּיעסן וועלן געפעלן, אָבער מיר געפעלט שטאַרק „דער דוכוס". דאָרט זענט איר פּראַכטפול. אמת, ס'איז נישט אַזאַ גרויסע ראָל ווי אין „דער וואָס קריגט די פּעטש", אָדער אין לייוויקס „שמאַטעס". „דער דוכוס" איז ווי אָפּגעמאָסטן פאַר אייך — איז געווען מיין ענטפער.

מאָרעווסקי האָט אַ שמייכל געטאָן ווי נישט שטאַרק צופרידן.

— אמת, פריינט מאָרעווסקי — האָב איך צוגעגעבן ווי אַן ענטפער אויף זיין שמייכל — אייך געפעלט בעסער אַ גרויסע ראָל. אָבער נעמט

אין אכט, אז אין „דוכוס" זענט איר ביי זיך זיכער און דער צושויער וועט אייך גלויבן.

— נו, גוט, — איז ער געוואָרן אביסל נערוועאיש — וואָס איז אייער מיינונג וועגן אַן ארויספאָר אין דער אַרגענטינער פּראָווינץ? וויל ער פון מיר הערן. — אַקטיאָרן האָבן מיר פאָרגעלייגט, איצט, פאָרן פאָרן קיין ניו־יאָרק, צו מאַכן אַ טור איבער צענטראַל אַרגענטינע, ווי ראָזאַריאָ, קאָרדאָבאַ, טוקומאַן, סאַנטאַ פע, מאָזעסוויל. ווי מיינט איר, ליבער מידע? איר קענט דאָך מיט מיר נישט פאָרן צוליב די קאָמפּראָמיסן מיט די נייע געסט (ס'איז דעמאָלט געקומען צו מיר לעאָניד סאָקאָלאָוו מיט זיין פרוי פון אייראָפּע).

מיט פאַרגעניגן וואָלט איך געפאָרן מיט אייך, פריינט מאָרעווסקי, נאָר ליידער... אָבער דעם אמת זאָגנדיק, געפעלט מיר נישט דער גאַנצער פּראָיעקט פון פאָרן אויף דער פּראָווינץ.

און איך האָלט פאַר אים אַ גאַנצע לעקציע און ווייז אים אָן, אַז אַקטיאָרן זענען ווי גרויסע קינדער.

— איר זענט זייער סענסיטיוו, פריינט מאָרעווסקי, אפשר וועט אייך ווער ווייס כאָן אויב איר וועט מאַכן אַ טור אויף דער פּראָווינץ מיט אַקטיאָרן. פאַר מיר, אויב זיי האָבן נישט קיין דרך־ארץ, האָבן זיי מורא... אָבער פאַר אייך... און צו וואָס דאַרפט איר זיך שלעפּן איבער דער פּראָווינץ, אַז איר קענט גלייך אָנהייבן שפּילן אין ניו־יאָרק. אָבער די אַקטיאָרן האָבן איינגערעדט דעם נאַיוון מאָרעווסקין און ער איז יאָ געפאָרן מיט זיי אויף דער פּראָווינץ.

אין איינעם אַ פרימאָרגן באַקום איך אַ טעלעגראַמע: „איך קום"! די טעלעגראַמע איז געווען אָן אַן אונטערשריפט. ווער קען עס זיין? פון אַמעריקע אָדער פון אייראָפּע — נישט. די טעלעגראַמע האָט אַ דאַטע — זי קומט פון סאַנטאַ פע. וועגן מאָרעווסקין האָב איך נישט געטראַכט, ווייל ס'איז אין גאַנצן 8 אָדער 10 טעג ווי ער איז אַרויסגעפאָרן מיט דער טרופּע און די רייזע האָט באַדאַרפט דויערן פון 3 ביז 4 וואָכן.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויפן וואָקזאַל פון צוג וואָס קומט פון סאַנטאַ פע.

די באַן איז אָנגעקומען. כ'זע נישט קיין באַקאַנטע פּנימער, כ'קוק

אין די וואגאַנען־פענצטער. פּלוצעם הער איך פון ווייטן ווי א הייזעריקע שטימע שרייט: מידע! גאַלובטשיק מאַי, מידע!

פון גאַנץ ווייט שלעפּט זיך דער שווערלייביקער מאַרעווסקי מיט די וואַליזעס, פאַרקאַרזשעט, פאַרשטויבט, דער קאַסטיום און הוט פאַרווייסט.

— מידע טייערער! — שרייט ער אוים און ער כאַפּט מיך אַרום קושן — איר האָט געהאַט רעכט. כ'האָב מיט זיי נישט געטאָרט פאָרן... זשוליקעס...

מיט אויגן פול מיט טרערן דערציילט ער מיר:

— זיי האָבן מיך באַליידיקט־ איינער האָט מיר אַפילו געזאָגט „לוביטעל".

— ווער? — פרעג איך — ווו איז איצט די טרופּע אַקטיאָרן?

— זיי האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז זיי וועלן מיך איבערלאָזן אין שטאָט און אַליין פאָרן שפּילן טעאַטער אָן מיר. האָב איך אייך טעלעגראַפירט און בין געקומען.

— זייער גוט, פריינט מאַרעווסקי, האָט איר געטאָן. איצט וועט איר שוין הערן מיינע עצהס?

— געוויס, ליבער מידע, אייערע עצהס זענען תמיד פּראַקטישע און לאָגישע.

אין אַמעריקע איז אברהם מאַרעווסקי אויפגעטראָטן נישט אין דער פּיעסע „דער דוכוס", ווי איך האָב אים געעצהט, נאָר אין „דער וואָס קריגט די פּעטש" און האָט געהאַט א דורכפאַל.

(יאָר 1928)

# ווערא קאַניעווסקאַ

## האָב איך געבראַכט אין יאָר 1928 פאַר די טעאַטערס „אָלימפּיאַ״ און „אַמבי״



די טרופּע וואָס איז געקומען פון יאָהאַנעסבורג (זיד אַפריקע): ווערא קאַ-ניעווסקאַ, זינאַ ראַפּעל, פּאָול ברייטמאַן, מאַקס ברין, צילי טעקס, לעאָן ברייטמאַן, קאָמפּאָזיטאָר ד. בייגעלמאַן (פון לאָדזש) און י. שערמאַן (פון לאָנדאָן).

# לודוויג זאַץ, מישאַ עלמאַן אין 1934

אין יאָר 1934 האָב איך צום ערשטן מאָל געעפנט דעם טעאַטער „סאָלעיל" פאַרן יידישן עולם. אין דעם יאָר האָב איך געבראַכט לודוויג זאַצן צום ערשטן און איינציקן מאָל קיין אַרגענטינע.



אויפן בילד: לודוויג זאַץ, מישאַ עלמאַן, דער באַרימטער וויאָלין־ווירטואָז, מאַרסעלאַ וויים און אַדאָלף מידע.

# מיין חלום וועגן יידיש טעאטער אין צענטער

נאָך די גאַסטשפּילן פון אייזיק סאַמבערג אין יאָר 1929 אין טעאַטער „אָלימפּיאַ" אין ב. איירעס, האָב איך אָנגעהויבן חלומען וועגן דעם, אַז דער יידישער טעאַטער דאַרף אַרויס פון געטאָ. און כ'האָב באַשלאָסן צו קריגן אַ טעאַטער אין צענטער פון שטאָט. די אַרגענטינער צייטונגען, די נישט־יידישע, האָבן אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ פאַר דעם יידישן שוישפּילער, פאַר דער יידישער בינע. די גרויסע איינגאַמען ביי סאַמבערגס גאַסטראָלן, נישט געקוקט אויפן ניטגעלונגענעם אַקטיאָרן־אַנסאַמבל, האָט מיר געמאַכט גלויבן, אַז אויב איך וועל צוזאַמענשטעלן אַ גוטע אַקטיאָרן־טרופּע, האָבן אַ שיין טעאַטער און דערצו ברענגען אַ לייטישן גאַסטראָלאָר מיט אַ גוטן רעפּערטואַר, וועט עס זיין אַ דערפאָלג.



לויס קרעמער

כ'האָב אָנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן ביי אַלע טעאַטער־אונטערנעמער און עמפּרעסאַרן וועגן באַקומען אַ צענטער־טעאַטער. ווער ס'וועט זיין מיין גאַסטראָלאָר, האָב איך נאָך נישט געוווּסט. פאַרבונדן בין איך געווען מיט וואַרשע, ניו־יאָרק, לאָנדאָן, אָבער אַלץ אין דער לופט... אָן אַ באַשטימטן ציל, און דער עיקר אָן קאַפּיטאַל.

די נישט־יידישע היגע טעאַטער־וועלט האָט מיך געקענט ווי אַן אַקטיוון אונטערנעמער. זי האָט געוווּסט, אַז כ'האָב אַראָפּגעבראַכט גוטע גאַסטראָלאָרן און אַפילו גאַנצע טרופּעס. האָב איך זיך געווענדט צום טעאַטראַל ענריקע ווייס וועגן באַקומען אַ צענטער־טעאַטער.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט שוין גערעדט מיטן עמפּרעסאַר פון „פּעמינאַ" (היינט „קאָמעדיאַ") און אַז ס'קען אפשר ווערן דערפון.

דעם אמת געזאָגט, איז מיר דאָס פּלאַץ נישט געפעלן. איך האָב פאַנטאַ־זירט פון האָבן אַ טעאַטער אין סאַמע הארץ פון שטאָט־צענטער, ווו טויזנטער מענטשן גייען פאַרביי. אָבער ענריקע ווייס האָט מיר פאַרזיכערט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ חלום...

דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ סך געלט, און פאַר אַזאַ טעאַטער ווי איך האָב געוואָלט, פאָדערט מען 5.000 פּעזעס אַ חודש דירה־געלט און אין 1930טן יאָר איז עס געווען אַ פאַנטאַסטישע סומע... מ׳דאַרף חוץ דעם איינליייגן פאַר 2 חדשים דעפּאָזיט, און מיין קאַפּיטאַל איז דעמאָלט באַ־שטאַנען אפשר פון 300 פּעזעס... געוווּסט האָב איך, אַז אויב כ׳וועל דאַרפן ביז 2.000 פּעזעס, וועל איך זיי באַקומען ביי פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וועלכע וועלן אויף דעם חשבון ביי מיר באַשטעלן בענעפיטן פאַר זייערע פאַראיינען.

איך בין מיט ווייסן פאַרבייגעגאַנגען דעם גרויסן טעאַטער „נועוואָ" אויף קאָריענטעס (היינט סאַן מאַרטין־טעאַטער), און ווייס האָט געזאָגט צו מיר, אַז מיט אַ גרויסן קאַפּיטאַל קען מען אָט דעם טעאַטער באַקומען.

— גוט! — ענטפער איך, כ׳וויל רעדן מיטן אייגנטימער.

ענריקע ווייס זאָגט מיר, אַז ער איז פּונקט דאָ אין האָל און שמועסט מיט מענטשן. באַשלים איך צו רעדן מיט אים. איך בין אַריין אין טעאַ־טער און גלייך צו אים צוגעגאַנגען, כדי אים פאָרלייגן מיין יידיש טעאַ־טער־געשעפט.

— האָלאַ מידע, וואָס מאַכסטו! וואָס טוסטו? — ער האָט מיך אַרומ־גענומען לויט די היגע געוווינהייטן, געקלאַפּט אין דער פּלייצע און איבער־געחזרט: — וואָס טוסטו, מידע? ווי קומסטו אַהער?

די אַלע מענטשן אַרום, צוזאַמען מיט ענריקע ווייס, זענען געבליבן דערשטוינט, זעענדיק די פרייד און די פיינע אויפנאַמע וואָס דער טעאַ־טער־אייגנטימער האָט מיר געמאַכט.

מיר האָבן געבעטן אַנטשולדיקונג ביי אַלעמען, זאָגנדיק זיי, אַז מיר קומען באַלד צוריק; מיר ווילן נאָר גיין טרינקען אַ קאַווע אין דערביי־איקן קאַפע־הויז, און מיר זענען צוזאַמען אַרויס פון טעאַטער.

דער אייגנטימער פונעם טעאַטער „נועוואָ" איז געווען אַ קריסט. דורך אַ צופאַל זענען מיר צוזאַמען געווען אַרעסטירט און אין אַרעסט האָבן מיר געשלאָסן פריינטשאַפט. איצט ביי אונדזער באַגעגעניש, האָט

זיך דערוועקט דאָס אַמאָליקע געדעכעניש און געטריישאַפט פון דער צייט פון גויט...

כ'האָב אים דערקלערט, אַז איך וויל דעם „נועווא" פאַר אַ יידיש טעאַטער און ס'ווענדט זיך אין אים. כ'האָב אים פאַרזיכערט, אַז ס'וועט זיי אַן גרויס געשעפט, ווייל כ'וועל ברענגען באַרימטע אַקטיאָרן — סטאַרן, וועלכע וועלן מאַכן אַ רושם.

און טאַקע דאַרט, אויפן מאָמענט, איז דאָס געשעפט געשלאָסן געוואָרן צווישן אונדז ביידן. אָנשטאָט דירה־געלט, וועט ער נעמען 15 פּראָצענט פון דער איינגאַמע. אָבער איך זאָל באַזאָרגן די 2.000 פּעזעס וואָס מ'דאַרף דעפּאָזיטירן אַלס עמפּרעסאַר אין דער מוניציפּאַליטעט. ער האָט מיך געבעטן כ'זאָל פאַר קיינעם נישט דערציילן דעם סוד פון וואַנען מיר קענען זיך.

ווי נאָר כ'האָב אין איינציקע טעג אַרום געהאַט פאַרטיק דעם קאָנטראַקט פון טעאַטער „נועווא", האָב איך גלייך די נייס איבערגעגעבן אין די יידישע און נישט־יידישע צייטונגען, געלאָזט וויסן, אַז דער גרויסער און שיינער דריי־שטאָקיקער טעאַטער „נועווא" איז איצט באַשטימט פאַר אַ יידישן טעאַטער־סעזאָן.

בליצשנעל איז די ידיעה פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער שטאָט; אין די יידישע היימען האָט מען קאָמענטירט די נייעס, וועלכע האָט געמאַכט אַ גרויסן און גוטן רושם.

די נייטיקע סומע פון 2.000 פּעזעס האָב איך גלייך באַקומען. דער פּויליש־יידישער פאַרבאַנד, דורך דער פאַרמיטלונג פונעם פאָרשטאָרבע־נעם לייזער מאַדאַנעס, האָט מיר באַצאָלט פאָרויס פאַר אַ בענעפיט־אָוונט, וואָס וועט שפּעטער געגעבן ווערן אין „נועווא", די סומע פון 800 פּעזעס; אויך דער „גמילת חסד הראשונה" האָט מיר געגעבן האַנטגעלט פאַר אַ בענעפיט וואָס ער האָט באַשטעלט. אויך אַנדערע אינסטיטוציעס, וועמענס נעמען כ'געדענק נישט, האָבן באַשטעלט בענעפיטן און געגעבן האַנטגעלט.

מיין פריינט, דער איינגנטימער פון טעאַטער „נועווא", האָט מיר איבערגעגעבן דעם טעאַטער אַ סך פריער פאַר דעם באַשטימטן טערמין פונעם סעזאָן. כ'האָב דערווייל געשלאָסן אַ געשעפט מיטן אַרגענטינער עמפּרעסאַר אַלבערטאָ באַלעריני, וועלכער האָט געבראַכט אַ טרופּע פון שוואַרצע זינגערס און טענצערינס אונטערן נאָמען „קובאַנאַ קאַן" און זיי

געמאכט ארויסטרעטן איענם טעאטער „נועווא", פון וועלכן איך בין שוין געווען דער עמפרעסאר. צוזאמען האבן מיר געשטעלט די אזוי גערופענע „שווארצע רעווי־פארשטעלונגען". אין צווישנצייט האב איך צוזאמענגע־שטעלט מיין יידישע אקטיארן־טרופע, צונויפגעשטעלט פון היגע געקליבע־נע שוישפילער, און געשיקט א שיפסקארטע קיין אמעריקע צום קאמיקער לוים קרעמער, וועלכער איז אמאל נאך מיט 5 יאר צוריק, אין 1925, גע־ווען א ליבלינג אין בוענאס־איירעס, טאקע אונטער מיין עמפרעסע אין טעאטער „אלימפיא". איך בין געווען האפערדיק און שטארק געגלויבט אין דעם דערפאלג. ביז צו קרעמערס אנקומען האב איך געגעבן פארשיידענע ספעקטאקלען פון שפאנישע רעווי־פארשטעלונגען.

כ'האב דערוויל פארקויפט א סך בענעפיטן פאר יידישע פאראיינען, געמאכט אלע פארבארייטונגען מיט די אקטיארן צו לוים קרעמערס דעבוט; ער האט מיר צוגעשיקט די פיעסע „די נארישע טאטעס", א לעבנסבילד מיט געזאנג, וועלכע מיר האבן איינגעשטודירט.

מיט אומגעדולד האב איך צוזאמען מיט אלע מיינע אקטיארן געווארט ביים פארט אויפן אנקומענדיקן גאסט. ביסלעכווייז זענען אלע פאסאזשי־רן אראפ פון שיף, נאר לוים קרעמער איז נישטא. ס'איז מיר געווארן קאלט אויף דער נשמה. די אקטיארן האבן אויך געפילט דאס זעלבע וואס איך. כ'קוקט נאכאמאל אין דער טעלעגראמע, ס'זאגט זיך פארט: „כ'קום מיט דער שיף „אמעריקאן לעגיאן", און אט איז דאך די שיף... ווו־זשע איז ער, דער משיח, דער רעטער, וואס אויף אים שטיצט זיך דער גאנצער קיום... דער יסוד פון מיינע אלע חלומות און האפענונגען... דער פונדא־מענט פונעם יידישן טעאטער־סעזאן, אז אך און וויי!...

פלוצעם האבן זיך אין דער טיר ביים ארויסגאנג פון שיף באוויזן צוויי מאטראזן און געפירט אונטערן ארעם א קראנקן, צעבראכענעם מאן.

— דאס איז דאך לוים קרעמער! — האב איך אויסגעשריגן. — וויי איז מיר! וואס איז אייך געשען?

מ'האט אים אוועקגעפירט אין האטעל און באשטעלט א האלב טוץ דאקטוירים אים צו ראטעווען. אויפן שיף האט אים געכאפט א שטארקער רעומאטיזם און אים אזוי שטארק צעטרייסלט, אז קוים וואס ער האט געקענט שטעלן א פוס.

אנשטאט צו באקומען א גאסטראלאר אויפצועפענען דעם טעאטער־

סעזאָן, אויף וואָס כ'האָב געהאָפט און געבויט אַלע מיינע פּלענער, האָב איך גאָר באַקומען אַ קראַנקן מענטש, וועמען מ'טאָר נישט לאָזן אויף הפקר, כ'דאַרף זאָרגן פאַר זיין געזונט, ברענגען דאָקטוירים און אים פאַרזאָרגן מיט מעדיציניִשער הילף...

די אַקטיאָרן האָבן שווייגנדיק אויסגעדריקט זייער צער נישט אַזוי צוליב חולה, ווי צוליב זייער וואַרטן, אַז מ'זאָל שוין עפענען די טירן פון טעאַטער. זיי דאַרפן דאָך פּרנסה...

מיין פריינט, מיין שותּף, דעם טעאַטער־אונטערנעמער האָב איך דערקלערט, אַז מען מוז האָבן געדולד נאָך אַ 10 טעג. מ'דאַרף אָפּלייגן דעם דעבוט.

ער האָט באַדויערט דעם פאַל און מיך געטרייסט, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן גוט. דאַכט זיך, אַז ער איז געווען דער איינציקער חבר אין דעם קריטישן מאָמענט.

די דאָקטוירים האָבן גאָרנישט געקענט העלפן. דער קראַנקער האָט נישט געקענט אַראָפּ פונעם בעט.

כ'האָב געעפנט דעם סעזאָן מיט אייגענע אַקטיאָרן, אָן אויסלענדישע מאַרקעס... פאַרשטייט זיך, אַז דער ליבער עולם, וואָס איז געוווינט געוואָרן צו האָבן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אַ נייעם גאַסט, האָט זיך ניט געאיילט צו קומען אין טעאַטער. ער האָט זיך נישט אינטערעסירט דערמיט וואָס דער טעאַטער „נועוואָ" איז אַ שיינער, אַ גרויסער, מיט שיינע דעקאָראַציעס, האָט אַ גוטע טרופּע, אַ גוטע פּיעסע; ער האָט געוואַרט אַז דער חולה זאָל געזונט ווערן. דעמאָלט וועט ער באַוויליקן צו קומען...

האָב איך באַשלאָסן קרעמערן צו ברענגען קראַנקערהייט אין טעאַטער. כ'האָב אים איינגעשמועסט, אַז ער מוז דאָס טאָן און אים דערקלערט, אַז ער וועט נישט דאַרפן אַרומגיין אויף דער בינע, נאָר זיצן ביים טיש און זאָגן זיינע וויצן (ער איז געווען אַנאָנסירט אַלס קאָמיקער). מיינע פריינט, די דאָקטוירים, האָבן אים אויך צוגערעדט, אַז ער מעג קומען אין טעאַטער, מחמת זיי האָבן געוווּסט מיין קריטישע סיטואַציע און האָבן מיר געוואָלט העלפן.

דער טעאַטער איז געווען איבערפּאַקט ווען כ'האָב אַנאָנסירט לויס קרעמערס אויפטריט. דער חולה האָט אָפּגעשפּילט זיין ראָל זיצנדיק אין

א ווייכן פאטעל און איך האב דערווייל געהאט פון דעם אוונט צו געבן מיינע אקטיארן אויף פרנסה...

דעם צווייטן אוונט איז געווען אנאנסירט א בענעפיס פארן „גמילת חסד הראשונה". דער פאראיין האט געהאט פארקויפט פון פארויס אלע בילעטן.

עטלעכע שעה פאר דער פארשטעלונג לאזט מיר קרעמער וויסן, אז ער וועט נישט קומען, — ער קען נישט אראפ פון בעט. כ'האב גענומען מיינע דאקטוירים צו הילף און ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער קען טאקע באמת נישט אראפ פון בעט...

האב איך באשלאסן, אז די טרופע אליין זאל שפילן אן קרעמערן!

כ'האב געוווסט, אז ס'קען און ס'וועט קומען צו א גרויסן סקאנדאל. דער עולם וועט פאדערן צוריק דאס געלט, דער פאראיין „גמילת חסד" וועט מיר נישט שענקען אזא זאך. אבער באין ברירה האב איך באשלאסן צו פרובירן.

די אקטיארן, דערשראקענע פאר א מעגלעכן סקאנדאל וואס קען קו־מען, האבן געהאט צוגעגרייט נאך פון פריער די בעסטע בעלאדראמע, דאכט זיך „אין א נעץ פון זינד", אין וועלכער די הויפט־ראל האט גע־שפילט קלארא פרידמאן.

ביסלעכווייז איז דער זאל געווארן איבערפולט, אלע פלעצער, אויך די לאזשעס זענען געווארן באזעצט.

פארן אנהייבן די פארשטעלונג האב איך ארייננגערופן די מיטגלידער פון דער קאמיסיע, וועלכע איז באשטאנען פון גמליאל שאפאזשניק, בער־מאן, ליפניצקי, בארנשטיין און אייניקע אנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט, און זיי דערקלערט די לאגע, אז קרעמער קומט נישט שפילן, אז מ'וועט שפילן א גוטע פיעסע מיט קלארא פרידמאן אין דער הויפטראל.

די מיטגלידער פון דער קאמיסיע זענען דערשראקן געווארן, זיך געבראכן די הענט און מיר פארזיכערט, אז ס'וועט זיין א סקאנדאל.

— אזויפיל מענטשן אין זאל! — האבן זיי זיך געבראכן די הענט.

איך האב זיי אומגעקערט די 600 פעזעס, וואס זיי האבן מיר געהאט צונעצאלט פאר דער פארשטעלונג און צו זיי געזאגט, אז איך שענק זיי דאס געלט פאר זייער פאראיין, אבער איך האב צו זיי א בקשה: נאכן ער־

שטן אַקט זאָלן זיי אַריינקומען צו מיר אין ביורא, איך דאַרף מיט זיי עפּעס רעדן.

— און איצט גייט אַריין אין זאַל און האָט נישט קיין מורא.

כ'בין אַרונטער אונטער דער בינע און געזאָגט סאַמועל זילבערבערגן, וועלכער איז געווען מיינער אַן אַנגאַזשירטער אַקטיאָר אין דער טרופּע:

— הער אויס, איך גיי אַרויף אויף דער בינע רעדן צום עולם. גלייך ווי איך וועל ענדיקן רעדן, זאָלסטו גאָרנישט וואַרטן, אויפהייבן דעם פאָרהאַנג און נעמען שפּילן די פּיעסע! זאָלסט נישט געבן דעם עולם קיין געלעגנהייט צו קאָמענטירן אָדער פּראָטעסטירן. פאַרשטאַנען? מען האָט דאָך פאַרקויפט די בילעטן צו א פאָרשטעלונג מיטן סטאַר, מיט לויס קרעמער!

כ'האָב אָנגעהויבן מיין „ספּיטש" מיט לויב־געזאַנגען פאַר די היגע יידן, וואָס זענען געקומען אין דעם אָוונט אין טעאַטער, וויסנדיק, אַז דער צוועק פון דער אונטערנעמונג איז אַזא נאָבעלער — צו העלפן אָרעמע מיט א גמילת חסד; אַז מיט דער קליינער סומע, וואָס מען לייט־אויס אָרע־מע אַרבעטער, לינדערט מען זייער נויט; אַז ס'איז נישט וויכטיק די פּיע־סע וואָס מ'וועט שפּילן טראָץ דעם וואָס זי איז א קונסט־ווערק, נאָר דער זשעסט, די באַציאונג.

כ'האָב מיין גאַנצע רעדע געווידמעט פאַרן עולם, פאַרן פאַראיין „גמילת חסד" און מיט אַן אויסרוף: „באַלד וועט איר זען א גוט טעאַטער־שטיק, געשפּילט קינסטלעריש פון גוטע, איי־געגע היגע שוישפּילער", האָב איך פאַרלאָזט די בינע, בעת אין זעלבן מאָמענט האָט זיך דער פאָרהאַנג שנעל אויפגעהויבן און די שוישפּילער האָבן מיט עקסטאַז אָנגעהויבן זייער אַקטואַציע. כ'האָב געפילט, אַז די אַקטיאָרן זענען אַריין אין זייערע ראָלן און אַז זיי וועלן מיט באַגייסטערונג אָנהאַלטן דעם זעלבן ענטוזיאַסטישן טאָן, אין וועלכן איך האָב געהאַלטן מיין „ספּיטש".

ס'איז געווען ווי איך האָב פאָראויסגעזאָגט און פאָראויסגעפילט. דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיקט מיט א שטורעם פון אַפּלאָדיס־מענטן און בראַוואָ־פאַטשעריי מיט אויסגעשרייען און בראַוואָס פאַר קלאַ־ראַ פרידמאַן. דער אַפּלויז האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע מינוט.

די גמילת חסד"־קאָמיסיע איז אַריין אין מיין ביוראָ מיט פאַרפלאָמטע און פריילעכע פּנימער, מיר געדריקט די האַנט און געזאָגט צו מיר:

— א דאנק, ה׳ מידע. דאָ האָט איר אייערע 600 פּעזעס. דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר מורא געהאַט פאַר א סקאַנדאַל. אייער קלאַרא פריד־מאַן איז דאָך אַ גאַר גרויסע אַרטיסטין — צו וואָס דאַרף מען ברענגען סטאַרן פון אויסלאַנד, אַז מיר האָבן דאָ אַזעלכע און אפשר בעסערע שפּילערינס?

כ׳האָב דער קאָמיסיע געהייסן זיך זעצן און איר אין קורצן איבער־געגעבן די קריטישע לאַגע פון דעם טעאַטער צוליב קרעמערס קראַנקייט. איך האָב זיי באַמערקט, אַז נאָר זיי קענען מיך ראַטעווען. כ׳האָב זיי בסוד איבערגעגעבן, אַז איך שטיי אין פאַרבינדונג מיטן גרעסטן פון יידישן טעאַטער, מיטן נשיא פון דער יידישער בינע, מיט מאָריס שוואַרצן.

— מאָריס שוואַרץ צום ערשטן מאָל אין אַרגענטינע!

— איך וועל אייך איבערגעבן דעם כבוד! ס׳וועט הייסן פאַר דער וועלט, אַז איר, דער פאַראיין, גמילת חסד הראשונה, האָט געבראַכט קיין אַרגענטינע דעם גדול פון דער יידישער בינע!

ווי עס ווייזט אויס, בין איך אַליין אין דעם מאָמענט געווען אַזוי ענטוזיאַזמירט און באַגייסטערט פון דעם געדאַנק, אַז כ׳האָב גאָרנישט באַמערקט די ווירקונג פון מיינע רייד אויף דער קאָמיסיע. דער פּרעזי־דענט האָט מיר צוגעזאָגט צומאָרגנס נאָכמיטיק צו זיין ביי מיר און זיי זענען אַריין אין זאַל זען די אַנדערע אַקטן.

כ׳האָב גענומען נאָכטראַכטן וואָס צו טאָן ווייטער. כ׳האָב איינגעזען, אַז מיט קרעמערן איז עס אַ פאַרשלעפּטער ענין... וואָס וועל איך טאָן אויב די יידן וועלן מאָרגן 2 נאָכמיטיק נישט קומען? ווו וועל איך נעמען געלט צו שיקן אויף שיפסקאַרטן פאַר מאָריס שוואַרצן מיט זיין פרוי און פאַר זיין בינע־דעזשיסאָר, יוסף שוואַרצבערג? ס׳איז דאָך אַ פאַרמעגן מיט געלט: שיפסקאַרטן הין און צוריק! וואָס וועל איך טאָן אויב מיין פּלאַן וועט דורכפאַלן? וואָס וועט זיין מיט די אַקטיאָרן, מיטן טעאַטער?

אויפגעוועקט פון מיינע פּעסימיסטישע געדאַנקען האָט מיך די בראַוואָ־פּאַטשעריי פון טעאַטער־זאַל. כ׳האָב געמיינט, אַז ס׳האָט זיך שוין געענ־דיקט דער צווייטער אַקט. כ׳בין אַריין אין זאַל און דערזען, אַז דאָס האָט דער עולם אַפּלאָדירט קלאַרא פרידמאַן ביי דער אָפענער בינע.

די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט בשלום. קיינער פון עולם האָט נישט געבעטן קיין געלט צוריק; קיינער פון עולם האָט נישט געפרעגט

פּאַרוואָס קרעמער האָט נישט געשפּילט. און דאָס האָט מיר געגעבן אַ סך כּוח און אַ סך מוט צו וואַרטן און צו קעמפן פאַר דער צוקונפט.

צומאָרגנס האָבן די אַקטיאָרן ווי תּמיד געמאַכט פּראָבעס מיט אַ צווייטער אַלטער פּיעסע; זיך צוגעגרייט אויף ווייטער.

בסוד האָב איך עטלעכע פון זיי געזאָגט, אַז עס דאַרף געשען אַ נס, דאָ אין אָט דעם טעאַטער; אַז באַלד, היינט, 2 נאָכמיטיק, וועט קומען די ישועה...

וואָס, ווער, וועמען, האָב איך זיי נישט מגלה געווען... זיי זענען געוואָרן נייגעריק און אָנשטאָט צו מאַכן פּראָבעס אויף דער בינע, האָבן זיי שפּיאָנירט פונעם צווייטן ביוראָ אַנטקעגן מיינעם. אפשר וועלן זיי עפּעס הערן, כּדי צו דערגיין וועגן דעם דערמאָנטן נס...

ס'איז שוין אַריבער 2 אַזייגער און קיינער קומט נישט. די אַקטיאָרן קוקן אַריבער צו מיר מיט פאַרצווייפלטע פּנימער. טייל פון זיי דריקן אוים פאַרוואורף, ווי איינער זאָגט: וועמען בלאָפסטו? ווו איז דיין נס? אַקטיאָרישע חלומות...

מיינע אויגן זענען געווענדט צו דער טיר פון גאַס, צום אַריינגאַנג פון טעאַטער, אָבער מיינע געדאַנקען זענען צעשויבערט:

וואָס וועט זיין טאָמער קומט קיינער נישט...

ס'איז שוין 2 מיט אַ פערטל און ס'באַווייזט זיך קיינער נישט. זאָל זיין מעגלעך, אַז ר' גמליאל שאַפּאָזשניק האָט מיך נאָר געוואָלט באַרו־איקן? ווייל ס'איז שוין האַלב דריי און קיינער פון דער קאָמיסיע באַווייזט זיך נישט.

כ'האָב שוין געהאַלטן ביים אויפגעבן דעם געדאַנק ווען אַן אויטאָ איז צוגעפאָרן צום טעאַטער און איזידאָר ליפּניצקי, איינער פון דער קאָמיסיע, האָט זיך באַוויזן. באַלד איז אָנגעקומען אַ צווייטער אויטאָ מיט ר' גמליאל שאַפּאָשניק, און איינציקווייז זענען אָנגעקומען אַלע מיטגלי־דער פון דער קאָמיסיע, וועלכע זענען אַריין צו מיר אין ביוראָ. די אַקטיאָ־רן האָבן געקוקט פון דער ווייטנס מיט נייגעריקייט. זיי האָבן נישט גע־וווּסט דעם הויפּט־סוד, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן מאָרים שוואַרצס קומען.

מיט נערוועזער האַרץ־קלאַפּעניש האָב איך געוואַרט, כּדי צו הערן ווי אַזוי די קאָמיסיע וועט האַנדלען אויף מיין געכטיקן פאָרשלאָג, אַז כ'דאַרף האָבן די סומע פון 6.000 פּעזעס אויף שיפסקאַרטן צו ברענגען

מאָרים שוואַרצן צום ערשטן מאָל קיין אַרגענטינע. כ'האָב זיי נאָכאַמאָל פאַרזיכערט, אַז דער כבוד וועט צוגעשריבן ווערן זיי, — זיי, דער חשובער קאָמיסיע פון „גמילת חסד הראשונה", וועלכע וועלן האָבן אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך פאַרן יידישן עולם פון אַרגענטינע.

אַנשטאָט אַ סך צו רעדן, האָבן זיי זיך געווענדט צו מיר:

— סעניאָר מידע, שרייבט אונטער די וועקסלען!

און יעדער איינער פון זיי האָט אַרויסגענומען אַ וועקסל פון טאַש און מיך גערופן צום טיש אונטערצושרייבן. כ'האָב מיט פרייד אונטערגעשריבן, נישט קוקנדיק וואָס כ'שרייב אונטער, נישט וויסנדיק ווי הויך די סומע איז, וואָס זיי גיבן מיר. מיין אינערלעכע פרייד האָב איך אויסגעדריקט ווען כ'האָב דערזען די רויטע טויזנטער וואָס מ'האָט אַוועקגעלייגט אין מיין זייט. כ'האָב געכאַפּט דאָס פּעקל טויזנטער און בין מיטן געלט אין דער אויפגעהויבענער האַנט אַריינגעלאָפן אינעם צווייטן ביוראָ, וווּ די אַקטיאָרן האָבן געמאַכט פּראָבע, און אויסגערופן ווי נישט מיט מיין קול:

— זעט!

דערמיט האָב איך זיי געוואָלט ווייזן, אַז כ'האָב געהאַלטן וואָרט; אַז זיי מעגן זיין רואיק און אָנגיין מיט חשק מיט די פּראָבעס, ווייל דער טעאַטער־סעזאָן איז נישט פאַרלוירן. דעם סוד, אַז מאָרים שוואַרץ דאַרף קומען, האָב איך פאַר זיי נאָך אַלץ נישט מגלה געווען. כ'האָב מורא געהאַט, אַז טאָמער וועלן די נישט־פאַרגינערס געוויר ווערן, קענען זיי קאַליע מאַכן... אין יענער צייט איז נאָך קיין אַקטיאָרן־פאַראיין נישט געווען און די פּראָפעסיע איז געווען הפקרדיק. איין טעאַטער האָט אויסגעכאַפּט די סטאַרס ביים אַנדערן...

דערפאַר איז מיין פרייד געווען אין לשער גרויס ווען כ'האָב באַקומען אַ טעלעגראַמע: „אַרויסגעפאָרן"... אונטערגעשריבן — מאָרים שוואַרץ.

מיט שטאָלץ און מיט אַ גייסטיקער אינערלעכער באַפרידיקונג האָב איך געלאָזט וויסן דעם יידישן עולם דורך די היגע יידישע צייטונגען, אַז מאָרים שוואַרץ קומט!

(יאָר 1930)

# מאָריס שוואַרץ

**האָב איך געבראַכט צום ערשטן מאָל קיין בוענאָס איירעס אין יאָר 1930, אים פּרעזענטירט פאַרן יידישן באַזוכער אין די טעאַטערן „נועוואָ" און „אַרגענטינאַ"**



אַקטיאָרן און טעאַטער-מענטשן ביים בוענאָס איירעסער פּאָרט

ע ר ש ט ע  ר י י ע: מרים לערער, סאַמועל בלום, אַדאָלף מידע, מאָריס שוואַרץ, דוד קאַפּלאַן, אַנאַ שוואַרץ, סאַמועל זילבערבערג, קלאַראַ פריד־מאַן, העלענאַ שטרייטמאַן, בעטי ניסען, פּרוי ברעסט, יאָזעף שוואַרצבערג.

צ ו ו י י ט ע  ר י י ע: אַדאָלף שטרייטמאַן, הערמאַן לאַסטער.

ד ר י ט ע  ר י י ע: כאַצקל מידע, איסיי ווײַנשטיין, שאַול ניסען, כוליאָ וואַרשאַוויאַק, יוסף ליבערזאָן, נאַום גלאַזונאָוו, יאשאן, מאָניעק קאָרן און ראַכמיעל באָרענשטיין.

# מאָרים שוואַרץ קאָן אויך זינגען לידלעך

דער טעאַטער־עולם איז צוגעוווינט געוואָרן, אַז מאָרים שוואַרץ זאָל שפּילן אין ראָלן, אין וועלכע ער מוז האָבן אַ באָרד: צדיקים; באַגייסטער־רן דעם באַזוכער מיט זיינע אימפּאָזאַנטע אויפפירונגען. נאָר אַז ער זאָל זינגען סאָלאָ־געזאַנגען, אַליין, אָן כאָרן — דאָס וועט זיך קיינער נישט פאָרשטעלן אָדער וועלן גלויבן.

אָ:ן געשען איז דאָס אין 1930. אין טעאַטער „ארכענטינא״, אין דער פּיעסע „דעם שמידס טעכטער״ פון פּרץ הירשביין. מאָרים שוואַרץ האָט געשפּילט די ראָל ווי איינער פון די יונגע קאַוואַלעס וואָס קלאַפּט אין דער קוזשניע מיטן האַמער און זינגט דערביי אַ פאָלקס־מאָטיוו. ווי עס זעט אויס, איז דאָס אים געווען צום האַרצן, אָדער ס׳איז ביי אים געווען אַזאַ שטימונג פון פאַרליבטקייט, און קלאַפּנדיק אין די גליענדיקע אייזנס אויף דער קאָוואַדלע, האָט ער אונטערגעזונגען:

מיידל, מיידל, מיידל,
געוואָלד איך האָב דיך ליב;
מיידל, מיידל, מיידל,
כיגיין פאַר דיר אין גרוב.

ס׳איז געקומען אַזאַ אַפּלויז, אַזאַ שטורעם פון אָוואַציעס אינעם טעאַ־טער, גלייך ווי קארוזאָ וואָלט געזונגען אין קאָלאָן. און דער שטורעם האָט נישט נאָכגעלאָזן; מען האָט אַפּלאָדירט אָן אויפהער, אָן אָפּשטעל. מ׳האָט געשריגן ביס! ביס!

איך בין ביי אָט דער סצענע גראָד געשטאַנען ביי דער טיר פון זאָל און זיך צוגעקוקט מיט נייגעריקייט, מיט וויפל באַגייסטערונג און עקס־טאַז די באַזוכער האַלטן אָן זייער בראַוואָ־פּאַטשעריי.

מאָרים שוואַרץ האָט זיך אין דעם מאָמענט געקווענקלט, נישט גע־וווּסט ווי אַזוי צו האַנדלען. צי זאָל ער נאָך אַמאָל איבערזינגען אָדער נישט.

ער איז נאָכן געזאַנג אַראָפּ פון דער בינע און צוריק אַרויפגעקומען אויפן פאַרלאַנג פון עולם. די פּאַטשעריי האָט אָנגעהאַלטן. ער איז ווידער אַראָפּ און ווידער אַרויף, ביז דער פאָרהאַנג איז געפאַלן.

ווען מיר זענען נאָך דער פאָרשטעלונג געזעסן אין קאַפע, האָב איך אים באַמערקט, אַז ער האָט געקענט נאָך אַמאָל איבערזונגען דאָס „מיידל, מיידל". דער עולם האָט עס פאַרלאַנגט. ער האָט מיך פאָרשנדיק אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט: ווי מעג מען טאָן אַזאַ זאַך! ס'איז דאָך נישט קיין אָפּערעטע! ס'איז פּרץ הירשביינס אַ פּיעסע.

איך האָב פאַרשטאַנען זיינע געדאַנקען און האָב אים באַלד געזאָגט:

— מר. שוואַרץ, אויב ס'געפעלט דעם עולם, דאַרפט איר עס נאָך אַמאָל איבערזינגען.

בכדי זיך נישט אַריינצופירן אין שלעכטע שטימונגען פאַרן גיין שלאָפן האָבן מיר מער דערפון נישט גערעדט...

צום צווייטן אָוונט, אין דער זעלבער פּיעסע, ביי דער זעלבער סצענע, בין איך ווידער געווען אין זאַל! מאָרים שוואַרץ האָט ביים שלום פון געזאַנג נישט פאַרלאָזט די בינע. ער האָט געשאַפן אַ סצענע אויף דער אָפענער בינע און וויטער איבערגעזונגען דעם פאָלקס־מאָטיוו „מיידל, מיידל", ביי אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, ביז דער פאָרהאַנג איז געפאַלן.

(יאָר 1930)

# דער גענעראַל אינעם שלאַפראָק

— מר. מידע, איר האָט מיך אויך געמעגט פרעגן, צי כ'בין מסכים!
— אזוי האָט מאָרים שווארץ צו מיר געטענהט ווען ער איז געקומען צו פּראָבע.
ערשטנס דאַרף מען מאַכן אַ סך פּראָבן; צווייטנס האָב איך קיינמאָל נישט געשפּילט די ראָל פונעם גענעראַל, די ראָל האָט געשפּילט איזידאָר קעשיר. און דריטנס, פאַרוואָס דאַרף איך עפּעס שפּילן צוויי ראָלן, — אי דעם גענעראַל, אי מישקע ציגאַניאַק? ס'פעלן אייך אַקטיאָרן אין דער טרופּע?
כ'בין געבליבן אָן לשון. כ'האָב געוואַרט ביז ער האָט פאַרענדיקט זיינע טענות, נאָכער האָב איך אים דערקלערט, אַז ערשטנס איז עס מיין ערן־אָוונט און ס'איז גאַנץ פּאַסיק, אַז מאָרים שווארץ זאָל שטעלן אַזאַ פּיעסע ווי אַנדרייעווס „די 7 געהאַנגענע". ווידער וואָס שייך דעם גענעראַל, האָב איך צו אים געזאָגט:
— מר. שווארץ, איר זענט דער רעזשיסאָר, איר האָט איזידאָר קעשירן געלערנט שפּילן די דאָזיקע ראָל אין ניו־יאָרק און איך מיין, אַז איר וועט זי נישט קאַליע מאַכן...
דערביי האָב איך אים געוויזן דעם אַנאָנסירטן פּלאַקאַט ווי עס האָט זיך געזאָגט, אַז צוליב סענסאַציע וועט מאָרים שווארץ צום ערשטן מאָל שפּילן ביידע ראָלן צוזאַמען.
ער האָט אַ שמייכל געטאָן און מסכים געווען.
דער טעאַטער „ארכענטינאַ", ווו מיין ערן־אָוונט איז פאָרגעקומען, איז געווען איבערגעפּולט. דאָס 3־שטאָקיקע טעאַטער איז געווען פולשטענדיק באַזעצט. דער עולם איז געווען נייגעריק צו זען ווי מאָרים שווארץ וועט אינטערפּרעטירן 2 פאַרשיידנאַרטיקע ראָלן: דעם צאַרסקע גענעראַל, וואָס שרעקט זיך פאַר אַ ניהיליסטישן אַטענטאַט, און דעם פּראָפעסיאָנעלן גזלן מישקאַ ציגאַניאַק...
איך אַליין, ווי אַ ליבהאָבער פונעם בעסערן יידישן רעפּערטואַר, האָב

פאַרנומען מיין פּלאַץ אין דער לאָזשע, כדי צו זען די פאָרשטעלונג. די זעלבע פּיעסע, „די 7 געהאַנגענע", האָב איך געמאַכט שפּילן יאָזעף שייג־גאָלדן אין יאָר 1923 אין טעאַטער „אָלימפּיאַ".

נאָך דער פאָרשטעלונג זענען מיר, מאָרים שוואַרץ און פרוי, קלאַראַ פרידמאַן און איך אַוועק אין קאַפעהויז.

מאָרים שוואַרץ קוקט מיך אָן מיט זיינע גרויסע וואונדערלעכע אויגן, גלייך ווי ער וואָלט, אָן לשון געוואָלט, אַז כ'זאָל אים זאָגן, צי די פאָר־שטעלונג איז געווען גוט און צי ער איז מיר געפעלן אין די צוויי ראָלן.

כ'טו אים צוליב, און גיב אַ קורצע מיינונג וועגן דער פּיעסע און זיינע ראָלן און איך פאַרענדיק:

— מר. שוואַרץ, דעם גענעראַל דאַרפט איר נישט שפּילן אינעם שלאָף־ראָק! עס פאַרלירט דעם עפעקט! איר זעט אויס ווי אַ באַלעבאָס, ווי שמואל לייבעלע אין גאָרידנס „דער ווילדער מענטש", אימפּאָזאַנטער און קלאָרער וואָלט עס געווען פאַרן עולם ווען איר בלייבט אינעם גענעראַלסקען מונדיר מיט די עפּאָלעטן.

די אויגן זענען ביי אים געוואָרן גרעסער, ווי פאַרלאָפן. ער האָט מיר גאָרנישט געענטפערט און זיך גענומען צו זיין גרויסן גלאָז מילך מיט סאָדעוואַסער.

צומאָרגנס בין איך אריין אין זאַל צו זען די זעלבע פּיעסע. כ'בין געווען נייגעריק. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען כ'האָב דערזען מאָרים שוואַרצן אַלס גענעראַל, שפּילנדיק אינעם מיליטערישן אוניפאָרם.

(יאָר 1930)

# די אַקטריסע וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט קלאַרא פרידמאַן איז פאָרגעקומען אין יאָר 1929 אין קאַמערין פון בוענאָס-איירעסער טעאַטער „אָלימפּיאַ", אין וועלכן אייזיק סאַמבערג האָט דעמאָלט ביי מיר גאַסטראָלירט אין זיינע דערפאָלגרייכע פּיעסן „מאָטקע גנב", „דער קאַרגער" א"א. כ'האָב זי געפרעגט פאַרוואָס זי וויל נישט מיט־שפּילן מיט סאַמבערגן אין זיין רעפּערטואַר (כ'האָב דעמאָלט געהאַט זייער א שוואַכן צוזאַמענשטעל פונעם אַנסאַמבל).



קלאַראַ פרידמאַן

ענערגיש האָט מיר קלאַרא פרידמאַן גע־ענטפערט:

— ערשטנס בין איך אַנגאַזשירט אין טעאַטער „אַרכענטינא". אויב איר ווילט יאָ, אַז כ'זאָל ביי אייך שפּילן, מוזט איר מיר צוזאָגן, אַז איר וועט מיר העלפן אויפטרע־טן אין דער פּיעסע „אסתר" פונעם פראַנ־צויזישן דראַמאַטורג און דיכטער ראַסין.

— „אסתר"? — אָט די זעלבע פּיעסע, וועלכע סאַרא בערנהאַרד האָט נישט גע־וואָלט און געקענט שטעלן? — האָב איך איר שטוינענדיק אָנגעקוקט.

— יאָ, אויף אָט דער פאָרשטעלונג האָב איך זיך פאַרמאָסטן — איז געווען איר ענטפער. שוין יאָרן ווי איך חלום וועגן שפּילן אָט די פּיעסע אויף יידיש.

בכדי איר צו געפעלן, האָב איך מסכים געווען. כ'האָב איר פאַרזי־כערט, אַז פון אָט דער פּיעסע האָב איך דעם יידישן טעקסט און דעם פראַנצויזישן אָריגינאַל. כ'האָב עס באַקומען אַלס מתנה פונעם פּיאָנער

פונעם יידישן געדרוקטן וואָרט אין ארגענטינע, פּאַביאַן ש. הלוי. דערביי האָב איך זיך געטראַכט: צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט נישט קיין געלט...

האָט זי אָנגעהויבן מיך פרעגן: ווען? כ׳האָב אָפּגעלייגט אויף שפּע־טער און איר געעצהט: שפּילט דערווייל „מאַדאַם איקס״, וואָס איז זייער א גוטע פּיעסע און א שיינע ראָל פאַר אייך.

ווען זי האָט מיך א צווייט מאָל דערמאָנט אין מיין צוזאָג, האָב איך איר געעצהט צו שפּילן דערווייל „דער קאָפּ פון מעדוזא״.

ביי א דריט מאָל: זי זאָל שפּילן דערווייל אין גאָרידגס „קרייצער סאָנאַטא״.

אָט די אַלע פּיעסן האָבן געגעבן גרויסע איינגאַמען און קלאַרא פרייד־מאַנס דערפאָלגן זענען געשטיגן.

ווען כ׳האָב אין יאָר 1932 צום ערשטן מאָל דערעפנט דעם טעאַטער „מיטרע״ אין דער יידישער געגנט ווישא קרעספּאָ און אים געמאַכט פאַר א יידיש טעאַטער, האָב איך אַוועקגעשטעלט בראש קלאַרא פרידמאַן.

פון דאַן אָן איז דער „מיטרע״ א יידיש טעאַטער.

די אַרטיסטין האָט כסדר געפרעגט וועגן ראַסינס פּיעסע „אסתר״, וואָס זי האָט געהאַט ליגן נעבן בעט. זי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז זי קען די ראָל פון אויסנווייניק טראָץ דעם וואָס די פּיעסע איז אין פערזן, מיטן גראַם: אַז זי קען אַלע ראָלן און וועט זיך אונטערנעמען צו רעזשיסירן די פאָרשטעלונג, וועלכע וועט מאַכן א רושם.

כ׳האָב איר ווידער, ווי מ׳זאָגט, פאַררעדט די ציין און איר געעצהט זי זאָל שפּילן „די ווילדע פּרינצעסין מעדעא״; אַז פעני וואַדי עפּשטיין האָט די פּיעסע געשפּילט אין וואַרשע, לאָנדאָן, ב. איירעס און געהאַט דערפאָלג.

די ראָל איז קלאַראַן געפעלן און זי האָט אין איר געשאַפן א טעמ־פּעראַמענטפולע, גרויסע קרעאַציע. יוסף בולאָוו, וועלכער האָט זיך געפּור־נען צווישן די צושויער אין זאַל, האָט צו מיר געזאָגט:

— מידע, וואָס איז מיט דיר? האָסט אַזאַ שיינע פרוי ווי קלאַרא פרידמאַן און דו ווייזט דעם עולם א פּיעסע, אין וועלכער זי איז פאַר־שוואַרצט (לויטן גרים איז זי א שוואַרצע). פאַרוואָס שאַפסטו איר נישט א פאַסיקע פּיעסע לויט איר ליכטיקן פּנים?

— ביסט גערעכט, בולאָוו, אויך זי, קלאַרא, איז גערעכט. מען דאַרף זיך נעמען צו איר גרויסער פאַרמעסטונג, צו ראַסינס „אסתר".

און ווידער האָב איך פאַרבלאָנדזשעט און קלאַרא פרידמאַן האָט באַקומען א נייעם דערפאָלג: „אלעקסאַנדרא", טאַקע מיינע אַן איבערזעצונג.

יאָרן זענען אוועק. ווען קלאַרא האָט מיך פונדאָסניי געפרעגט ווען מיר ווילן זיך נעמען צו דער פּיעסע „אסתר", האָב איך זי ביי איר צוגענומען. זי האָט מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט מיט אירע שיינע קלוגע אויגן.

איך האָב פאַר איר געהאַלטן א לעקציע און איר דערקלערט, אַז „אסתר" איז א שווערע אויפפירונג; אַז ס'איז טעכניש אוממעגלעך אוועקצושטעלן אזא פּיעסע.

כ'האָב דעם העפט מיט דער פּיעסע אין דער יידישער און פראַנצויזישער שפּראַך אוועקגעטראָגן אין דעם בוענאָס-איירעסער „ייווא", ער זאָל זי אָפּהיטן ביי זיך אין ארכיוו פאַר בעסערע צייטן...

(יאָר 1932)

# קלאַראַ פרידמאַנס אייביקער צער

קיין שום צער אין דער וועלט קען נישט פארגליכן ווערן צו דער מאַמעס צער, וואָס איז טיפער פון דעם טיפסטן אָפּגרונט.

די שווידערלעך־טראַגישע פּאַסירונג מיטן טאַלאַנטירטן זון פון קלאַראַ פרידמאַן, זיין באַשלום, זיין טאַט, נישט קיין פּלוצלומדיקע, נישט קיין מאָמענטאַלע, נאָר אַ באַשלום - משוגעת, וואָס איז געלעגן טיף באַהאַלטן אינעם איידעלן יונגענמאַן וואָס האָט אין אים געפּרעסט יאָרן (כאָטש דאָס איז נישט געקומען צום אויסערלעכן אויסדרוק), אַ חולאת וואָס איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה...



קלאַראַ פרידמאַן מיט איר יינגעלע שוראַטשקאַ

דער מאַמעס האַרץ איז תמיד געווען פול מיט שרעק פאַר דעם צאַרטן און פילאָזאָפישן יינגל. איבערהויפּט פון דעם מאָמענט אָן זינט זיין פאָטער (דער אַקטיאָר רפאל גוטהערץ ע"ה), האָט באַקומען זיין ערשטע שרעקלעכע חולאת־אַטאַקע.

ווען דאָס יינגעלע איז אַלט געווען 12 יאָר האָט קלאַראַ פרידמאַן אים געפירט צו אַ גרויסן יידישן מעדיקער, אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער, ער זאָל דאָס קינד עקזאַמינירן, גוט באַטראַכטן און זאָגן זיין מיינונג, ער זאָל שטעלן אַ דיאַגנאָז.

## נאָכאיידער כ'בין געבוירן געוואָרן,
## האָט אימיצער מיין פרילינג איבערגעלעבט.

שוין דעמאָלט האָט דער באַרימטער מעדיקער געצווייפלט, דערקלע־רנדיק דער מאַמען, אַז מאַכן אַן אַנאַליז איבער דעם קינדס געהירן קען מען נישט.



ש ו ר אַ

יאָרן זענען געפלויגן. גרוים איז געווען די פרייד פון קלאַרא פרידמאַן זעענדיק איר געראָטענעם און ליכטיקן זון בליען ווי אַ יונגן שיינעם סאָסנאָווען בוים.

פרעמדע אויגן האָבן מקנא געווען זעענדיק די שיינע מאַמע מיט איר נאָך שענערן זון שפּאַצירן געאָרעמט אויפן גאַס.

אָבער דער אכזריותדיקער גורל לויערט שטילער־הייט. דער שגעון וואָס טראָגט אין זיך חורבן און אומקום. וואָס איז דאָס לעבן און זיין ווערט, ווען טיף אינעווייניק ווערט געוועבט אַזאַ שוידערלעכקייט וואָס וואַרפט אַן אַן אייביקע שרעק פאַרן מאָרגן.

דער יונגערמאַן האָט איבערגעלאָזט די וועלט און נישט צוליב זיינע זינד...

ער האָט געזוכט די באַפרייאונג און האָט זי געפונען. תמיד האָט ער דערמאָנט זיין פאָטערס קראַנקהייט און זיין געמוטשעטע לעבן פאַרן שטאַרבן:

אָפטמאָל פלעגט ער איבערשרעקן די מאַמען מיט דער פראַגע:

— וואָס וועל איך טאָן, ווען עס וועט מיך באַפאַלן מיין טאַטנס קראַנקייט?

## (טרייסט-אויסדריקן פון מאָרים שוואַרץ)

טייערע פריינט מר. מידע און קלאַרא פרידמאַן.

כ'קען נישט געפינען די נייטיקע טרייסט־ווערטער אין אייער גרויסן צער און כ'קאָן נאָר זאָגן, אַז דער מלאך־המות איז אייער ליבן זון נאָכ־

געגאַנגען טריט נאָך טריט און געוואַרט אויף דער רגע ווען ער זאָל לייגן זיין גרויזאַמע האַנט אויף דעם יונגן בוים וועלכער האָט ערשט אָנגע־הויבן בליען.

איך בין זיכער, אַז אַלע אייערע פריינט אין גאַר דער וועלט, איבער־הויפּט אין בוענאָס־איירעס, זענען געטראָפן געוואָרן פון דער טרויעריקער בשורה, ווי פון אַ דונערשלאַג.

מיין פרוי און מיינע קינדער, אַזוי ווי איך, זענען ממש צעבראָכן צוליב דער אומגליקלעכער געשעעניש.

און מיר אַלע האָפן, אַז איר וועט דעם אומגליק באַגעגענען מיט אַ פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט, אַז: אַלץ איז הבל הבלים. דער מענטש ווערט געבוירן מיט זיין שיקזאַל וועלכער פירט אים דורך אַלערליי קרומע און גלייכע וועגן.

איך געדענק נאָך אייער זון ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל און פלעג קלאַפּן אין די גאַרדעראָבן פון די פרויען, פרעגנדיק העפלעך: מעג אַ יונגערמאַן אַריינקומען? דעם טאָן און אויסדרוק וועל איך קיינ־מאָל נישט פאַרגעסן.

זייט געשטאַרקט, ליבע פריינט, און באַגעגנט דעם מאַרגן מיט אָפענע אויגן.

אייערע פריינט

די פאַמיליע מאָריס שוואַרץ

## (טרייסט-בריוו פון הערמאַן יאַבלאָקאָוו)

טייערע פריינט קלאַראַ און אַדאָלף מידע!

ווערטער קלעקן מיר נישט אויסצודריקן מיין טיפסטן מיטגעפיל צו אייך אין דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט אייך אַזוי פּלוצים, ווי אַ דונער, געטראָפן. איך האָב זיך אייניקע מאָל געקליבן אַרויפצוקומען צו אייך, אָבער דאָס האַרץ האָט נישט דערלאָזט, ווייל ס'איז דאָ צייטן אין מענטשנס לעבן ווען מען וויל זיין אַליין... און די אַלע טרייסט־ווערטער פון די אינ־טימע פריינט זענען אַ יאָך...

זאָלן די פּאָר ווערטער דינען פאַר אַ צייכן פון מיין פריינדשאַפט צו אייך, און דאַנקבאַרקייט פאַר דער אמתער חברישקייט און אינטערעס, וואָס

איר האָט מיר אַרויסגעוויזן אויף מיין איצטיקן קורצן זיין אין בוענאָס־איירעס.

זייט געטרייסט און געגריסט, טייערע פריינט, שרייבט מיר ווען איר וועט קומען צו זיך און כ׳וועל מיט גרויס גרייטקייט אייך ענטפערן.

א יי ע ר

הערמאַן יאַבלאָקאָוו

## (דער נעקראָלאָג אין „די פּרעסע")

ווי א דונער פון א לויטערן הימל איז אייערנעכטן פאר האלבער נאכט אראפּגעפאלן א ידיעה, אז דער 29־יאָריקער זון פון דער פּאָפּולערער שויי־שפּילערין קלארא פרידמאַן (די פרוי פון טעאטער מענעדזשער א. מידע) איז אומגעקומען אויף א טראגישן אופן, אינאיינעם מיט זיין כלה קאטא־לינא גאליע. זיי זענען ביידע באגאנגען זעלבסטמאָרד אויף א דראסטישן אופן: זיי האָבן זיך דערוואָרגן אין א האָטעל.

לויט מען אינפאָרמירט, זאָלן ביים ריכטער זיך געפינען דריי בריוו, וואָס דארפן קלאָר מאכן די סיבה פון דער טראגעדיע, וואָס האָט געקאָסט צוויי יונגע לעבנס. זיי זענען אומגעקומען אינאיינעם און זיי זענען געווען די ריכטיקע הנהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו, זענען אָבער געבראכט געוואָרן צו קבורה באזונדער אויפן בית עולם אין טאבלאדא.

די לויה איז פאָרגעקומען נעכטן ביינטאָג, עס האָבן זיך אין איר צום מייכסטן באטייליקט די יידישע שוישפּילער, וועלכע זענען געקומען אויס־דריקן זייערע מיטגעפילן דער אומגליקלעכער מאמע. דער ביינטאָג איז גע־ווען א רעגנדיקער און אלץ ארום האָט געוויינט אויף א פארשניטן לעבן.

(בוענאָס־איירעס, דעם 23טן יוני 1953)

# יידישע אַקטיאָרן פון נאָרד־אמעריקע

## וואָס האָבן געשפּילט אונטער מיין דירעקציע
## אין „אַרגענטינע"




יצחק פעלד





גאָלדעלע אייזמאַן

**מאָריס שוואַרץ**

אַלס הייליקער שניידערל

אין

ש. אַשם

„קדוש השם"



סעם אויערבאַך



סיידי שיינגאָלד

# אַ משפּט איבער „סטאַריזם״ פונעם יידישן טעאַטער

דער נאָמבערג־שרייבער־פאַראיין האָט אָרגאַנזשירט אַן עפנטלעכן משפט אין טעאַטער „אַמבו״ איבערן סטאַריזם אין יידישן טעאַטער.

דער משפט איז פאָרגעקומען אין אַ זונטיק אינדערפרי. ס'האָבן זיך באַטייליקט אין פרעזידיום: פיניע כץ, רעדאַקטאָר פון „די פרעסע״, אַלס ריכטער־פאָרזיצער; פּראָקוראָר (פיסקאַל) און באַשולדיקער — דער טעאַ־טער־רעצענזענט פון „די פרעסע״, ד״ר ל. זשיטניצקי; פאַרטיידיקער — מאַרקאָס רעגאַלסקי, פּאָליטישער רעדאַקטאָר פון „די יידישע ציימונג״; אַלס עדות קעגן סטאַריזם — די אַקטיאָרן לעאָ האַלפּערן, בן־ציון פּאָלע־פּאַדע און אַנדערע אַקטיאָרן. איך בין געווען איינגעלאַדן אַלס עדות פון דער פאַרטיידיקונג און אַלס עקספּערט אין יידישע טעאַטער־ענינים. דער גרויסער עולם אין זאַל איז געווען איינגעלאַדן אַלס צושויער. אַזוי ווי ס'האָט נישט געקאָסט קיין בילעטן, איז דער טעאַטער־זאַל געווען איבער־פולט.

יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן האָבן אין יענער צייט געשפּילט ביי מיר אין טעאַטער. בולאָוו האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן פאַרן משפט.

„פונקט איצט, ווען מיר זענען געקומען צום ערשטן מאָל קיין אַר־גענטינע, מאַכן זיי אָט־אָ די זאַך״.

כ'האָב אים באַרואיקט און פאַרזיכערט, אַז דער יידישער טעאַטער־עולם וועט אַלצאיינס קומען אים זען שפּילן.

— אָבער דו וועסט זיין דאָרט, מידע? — האָט ער מיך געפרעגט ווי אַ דערשראָקן יינגל.

— יאָ, כ'וועל זיין, זיי רואיק. דער ריכטער מיטן עולם זענען יידישע גזלנים... ס'וועט דיר גאָרנישט שאַטן צו די איינגאַמעם — האָב איך אים באַרואיקט.

אויף דער בינע איז געווען איינגעאָרדנט דאָס געריכט. ביי אַ הויכן טיש אין דער מיט בינע איז געזעסן אויף אַ הויך בענקל דער ריכטער. ביי די זייטן פון טיש זענען ביי קליינע, נידעריקע טישלעך געזעסן דער פּראָקוראָר און פאַרטיידיקער. דער עולם אין זאַל האָט זיך איינגעשטילט ווען מ׳האָט אַרויפגעצויגן דעם פאָרהאַנג. ער איז על פּי רוב באַשטאַנען פון מענער, ווייל די ווייבער האָבן דעמאָלט אין זייערע היימען געגרייט דעם מיטאָג.

מיט שמייכלענדיקע פּנימער האָט דאָס פּובליקום באַטראַכט דאָס „גע־ריכט" אויף דער בינע. ער האָט זיך דערפילט היימיש און אונטערגע־שטאַרקט איינער דעם צווייטן, ווי איינער זאָגט: זע נאָר ווער עס זענען דאָס די ריכטער.

די פּראָצעדור האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ערשטן עדות. לעאָ האַלפּערן האָט געבראַכט באַווייזן, אַז נאָר די סטאַרס זענען די שולדיקע דערפאַר וואָס דאָס יידישע טעאַטער סטאַביליזירט זיך נישט ביי אונדז; וואָס איז תמיד אַ צופּעליקס... אויך די אַנדערע עדות פון דער באַשולדיקונג האָבן גערעדט אין זעלבן זין, איבערהויפּט האָט בן־ציון פּאַלעפּאַדע געשיט פעך און שוועבל אויפן סטאַר־סיסטעם.

זיין קנאה איז תמיד געווען אַ שטאַרקע קעגן אַנדערע אַקטיאָרן. די אַלע עדות פונעם צד פון דער באַשולדיקונג האָבן גערעדט קעגן סטאַריזם צוליב געשאַפענע אינטערעסן...

לעאָ האַלפּערן איז אין יענעם סעזאָן געווען אַנגאַזשירט אין טעאַטער „עקסעלסיאָר"; פּאַלעפּאַדע — אין טעאַטער „אַמבו". פון מיין טעאַטער, פון „מיטרע", איז נישט געווען קיין איין עדות. ביי מיר זענען געווען אַנ־גאַזשירט די אַזוי גערופענע יונגע שוישפּילער, די פּאַסיווע מיטגלידער פונעם נאָר־וואָס געגרינדעטן אַקטיאָרן־פאַראיין, אַזעלכע ווי יוסף מאָורער, זיסיע גאָלד, הערמאַן לאַסטער, דער יונג־פאַרשטאָרבענער מישאַ שוואַרץ. די עטלעכע עלטערע אַקטיאָרן, וואָס זענען געווען אין דער טרופּע, האָבן מורא געהאַט זיך צו מישן. פאַרשטייט זיך, אַז די עדות האָבן גערעדט מיט פאַרדרוס וועגן סטאַרס. מען האָט געזען און דערקענט, אַז זיי פאַרגינען נישט.

דער עולם האָט שטאַרק אַפּלאָדירט די אויבנדערמאָנטע עדות.

ערשטנס האָט ער געהאַט אַ ספּעקטאַקל אָן געלט... ס'איז אים געפעלן גע־וואָרן דער ענין. די באַטייליקטע האָבן אויסגערעכנט, אַז בייטאָג וועלן זיי שוין נישט דאַרפן גיין אין טעאַטער. נאָכן מיטאָג וועט מען בעסער מאַכן אַ פּאָקערל. מיט איין וואָרט, ס'איז געוואָרן פריילעך אין זאַל, מ'האָט געפּאַטשט בראַוואָ ביי יעדער שטורמישער פראַזע.

ס'איז געקומען מיין ריי. מ'האָט אויסגערופן מיין נאָמען און איידער כ'האָב זיך נאָך באַוויזן, איז שוין געוואָרן אַ בראַוואָ־פּאַטשעריי אין זאַל. וועלכער ייד, וואָס לייענט אַ יידישע צייטונג אָדער באַזוכט טעאַטער אין בוענאָס־איירעס, קען נישט מידען!

כ'האָב איינגעשטילט דעם עולם מיט אַ האַנט־באַוועגונג, כדי ס'זאָל זיין שטיל. מיט נייגעריקייט און מיט אַ שמייכל אויף די פּנימער האָבן די מענטשן אין זאַל געוואַרט אויף דעם וואָס איך וועל זאָגן.

כ'האָב זיך געווענדט צום ריכטער אים צו ענטפערן אויף דער פראַגע וועגן סטאַריזם און געזאָגט צו אים:

— וואָס פרעגט איר מיך? פרעגט דעם עולם!

און זיך ווענדנדיק צום עולם, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— איר וועט קומען אין טעאַטער אַריין אויב כ'וועל נישט ברענגען קיין סטאַר?

אין זאַל איז געוואָרן אַ געלעכטער און אַ בראַוואָ־פּאַטשעריי. און בישלעכוויין האָב איך אָנגעהויבן באַווייזן מיט פאַקטן פון די פאַרשיידענע טעאַטער־סעזאָנען און דערמאָנען די באַזוכער ווי די טעאַטער־סעזאָנען און דער יידישער טעאַטער אין אַלגעמיין האָט אויסגעזען ווען מ'האָט פּראָ־בירט שפּילן מיט אייגענע כוחות... כ'האָב בעת־מעשה באַמערקט ווי די עלטערע יידן האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן מסכים געווען מיט מיינע רייד. נאָך יעדן זאַץ, וואָס כ'האָב לאָגיש אַרויסגעבראַכט, איז געקומען אַ בראַוואָ־פּאַטשעריי. ס'האָט אויסגעזען פּונקט ווי מ'וואָלט גע־שפּילט אַ פּיעסע און דער עולם אַפּלאָדירט ביי דער אָפענער בינע.

דער פּראָקוראָר האָט עטלעכע מאָל פּראָטעסטירט ביים ריכטער פאַר־וואָס ער נעמט נישט צו ביי מיר דאָס וואָרט, ווייל לויט אים איז אויסגע־קומען ווי איך וואָלט חוזק געמאַכט פונעם גאַנצן פּראָצעס.

אָבער דער פּאָרזיצנדער פונעם געריכט האָט זיך אַליין אַמוזירט, זע־

ענדיק דאָס ספּעקטאַקל. לסוף האָט באַקומען דאָס וואָרט דער פּראָקוראָר. ער האָט זיך באַנוצט מיט שיינע ווערטער, געשילדערט דאָס טעאַטער אין אַלגעמיין און אַלס ביישפּיל געבראַכט דאָס טעאַטער אין רוסלאַנד.

גערעדט האָט ער רואיק, מיט איבערצייגונג, און דער אוידיטאָריום האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט ווען ער האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז דאָס אויסטייטשן אַנדערש אַ געוויסע ראָל מצד דעם גאַסטראָליאָר האָט געווירקט צו פאַרשטיין אַנדערש, אין אַן אַנדערן זין, דעם מיין פונעם אויטאָר פון דער פּיעסע, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ווען מ׳האָט, צום ביישפּיל, געבראַכט פון מאָסקווע קיין קיעוו דעם באַרימטן אַקטיאָר איוואַן קאַזעלסקי, כדי ער זאָל אויסטייטשן לעאָינד אַנדרייעווס „גערדאַנק״.

אַ ייד פון עולם האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אויסגערופן: „צו וואָס דאַרף מען ברענגען ביישפּילן פון רוסלאַנד, ווען אויך ביי אונדז האָבן צוויי אַקטיאָרן אַנדערש אויסגעטייטשט אַנדרייעווס „גערדאַנק״. סאַ־קאָלאָוו האָט געשפּילט מיט אַ בערדל דעם ד״ר קערזשענצאָוו און רודאָלף זאַסלאַווסקי — אָן אַ בערדל!

ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער געלעכטער אין זאַל.

דער פּראָקוראָר האָט פּראָטעסטירט וואָס מען מאַכט חוזק. דער פאָר־זיצער האָט געקלאַפּט אין טיש, ס׳איז געוואָרן אַ טומל.

אַזוי ווי דער עולם האָט זיך שוין געהאַט אויסגעהוליעט, איז מען זיך צעגאַנגען און נישט פאַרענדיקט דעם משפּט. מ׳האָט דעם ענין אָפּ־געלייגט אויף אַ צווייט מאָל...

(יאָר 1932)

# יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן

## האָב איך געבראַכט צום ערשטן מאָל קיין אַרגענטינע אין יאָר 1932

אין יאָר 1932 זענען איניקע יידישע טעאַטער־געסט געפאָרן צוזאַמען אויף איין שיף קיין בוענאָס־איירעס. דאָס זענען געווען: מיכל מיכאַלעסקאָ, אַלס „סטאַר" פאַרן טעאַטער „אַרגענטינאַ" און יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן — פאַרן טעאַטער „מיטרע".

בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָנען האָב איך אָפּגעוואַרט אין דער אורוגוויער הויפּטשטאָט, מאָנטעווידעאָ, און בין צוזאַמען מיט זיי געקומען אויף דער זעלבער שיף קיין בוענאָס־איירעס, אַ רייזע וואָס דויערט אַ גאַנצע נאַכט.



יוסף בולאָוו

כ'האָב שמועסנדיק מיט די געסט דערוויל אָפּגענומען גרוסן פון יידישן טעאַטער אין נאָרד־אַמעריקע און אויך זיך דורכגעשמועסט מיט זיי וועגן דעם, אין וועלכער פיעסע זיי וועלן אויפטרעטן.

בולאָוו און מיכאַלעסקאָ האָבן זיך אינפאָרמירט ביי מיר וועגן בוענאָס־איירעס, געפרעגט וואָס פאַר אַן עולם ס'קומט אין טעאַטער. איך האָב זיי דערקלערט, אַז עס איז זייער אַ גוטער עולם; ס'זענען יידן פון דער אַלטער היים — פון רוסלאַנד און פוילן — וואַרשע, אָדעס, ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, לאָדזש, אַ סך בעסאַראַבער, אַ סך גאַליציאַנער און טיילווייז אויך אונגאַרישע יידן, וואָס רעדן אַ דייטשמעריש. איך האָב זיי פאַרזיכערט, אַז זיי

וועלן זיין צופרידן פון די אַרגענטינער יידן, ווייל זיי האָבן ליב יידיש טעאַטער.

כ'האָב דערקלערט מיכאַלעסקאָן, אַז ער פאָרט אין אַ גרויסן טעאַטער אין צעגטער, אין טעאַטער „ארכענטינא", אין וועלכן עס האָט געשפּילט געלי קעסמאַן און צונויפגעבראַכט פאַנטאַסטישע זבאָרן. וועגן מיין טעאַ־טער „מיטרע" האָב איך זיי דערקלערט, אַז איצט איז דאָרט דעם ערשטן סעזאָן אַ סטאַבילער יידישער טעאַטער. ס'איז, האָב איך צו זיי געזאָגט, אין אַ יידישער עמך־געגנט, ס'איז נישט קיין גרויס טעאַטער און אַז דער סעזאָן וועט זיין אַ פּרווו פאַר יידיש און פאַר יידיש טעאַטער.

— הערסט, מידע, די שיף שווערט אַראָפּ אין דיין זייט — האָט מיכאַלעסקאָ מיר געגעבן אַ זאָג.

— וואָס הייסט דאָס?

— דאָס הייסט, אַז דו וועסט האָבן גרעסערע איינגאַמען פון מיר.

ביים אָנקומען אין בוענאָס־איירעסער פּאָרט האָט מיכל מיכאַלעסקאָן אָפּגעוואַרט דער גאַנצער אַקטיאָרן־אַנסאַמבל פון טעאַטער „ארכענטינא". יעדער איינער פון די אַקטיאָרן האָט צוגעהאָלפן טראָגן דעם גרויסן באַ־גאַזש פון גאַסט. איינער האָט געטראָגן מיכאַלעסקאָס פּיטער, כאָטש אין בוענאָס־איירעס נוצן די מענער נישט אַזעלכע שווערע בגדים; דער צווייטער האָט געטראָגן זיינע צילינדערס; דער דריטער — זיינע שטעקנס מיט מאָנאָגראַמען.

די זייטיקע צושויער ביים פּאָרט (נישט־יידן) האָבן מיט פאַרווּנדע־רונג געפרעגט, ווער דאָס איז דער אָנגעקומענער...

די פּנימער ביי אַלע שוישפּילער האָבן געלויכטן פון פרייד, וואָס מיכאַלעסקאָ געפינט זיך שוין אין ארגענטינע און וועט אוודאי אין עט־לעכע טעג אַרום אויפטרעטן און איינגעמען די שטאָט.

ש. זילבערבערג, וואָס האָט געקענט מיכאַלעסקאָן פון אַמעריקע, האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּוווּנדערן פונעם פאַקט, ווי יונג און פריש דער גאַסט זעט אויס. (ס'איז דאָ כדאַי אָנצומערקן דעם כאַראַקטעריסטישן פאַל, אַז ווען מיט אַ יאָר צוריק האָט מיכאַלעסקאָ געזאָלט קומען אין אַ צווייט טעאַטער, האָט דער זעלבער זילבערבערג זיך אויסגעדריקט: „מי־כאַלעסקאָ וועט קומער אהער? ער איז דאָך אַן אַלטער ייד!...").

מיט גרויס פּאָמפּע האָבן די שוישפּילער פון טעאַטער „אַרכענטינאַ" צוזאַמען מיט זייער סטאַר מיכל מיכאַלעסקאָ פאַרלאָזט דעם בוענאָס־איי־רעסער פּאָרט.

יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן זענען צוזאַמען מיט מיר אַראָפּ פון דער שיף אָן טעאַטראַלישער פּאָמפּע. בולאָוו איז געווען איינפאַך גע־קליידט, אָן עקסטראַוואַגאַנט און אָן פּאַראַד; דער קאַפּעליוש איז ביי אים געווען אַ ביסל צעקנייטשט, מיטן גאַנג אויף אַ זייט...

מיין פאַרשטאָרבענער ברודער כאַצקל האָט מיר ביים פּאָרט געגעבן אַ זאָג:

— בולאָוו איז אַ גרויסער אַקטיאָר. ער געפעלט מיר. קוק זיך צו צו זיין פּנים — איין באַק לאַכט און די צווייטע וויינט.

אויך ליובאַ קאַדיסאָן האָט געמאַכט אויף מיר אַ סימפּאַטישן איינ־דרוק; כ'האָב ביידן נישט געהאַט געקענט ביז זייער קומען קיין אַרגענ־טינע. ווען כ'האָב בולאָוון אויפן וועג פון פּאָרט צום טעאַטער „מיטרע" איבערגעגעבן, אַז מיין אַקטיאָרן־טרופּע איז על פּי רוב צוזאַמענגעשטעלט פון יונגע אַקטיאָרן, נישט קיין אַקטיווע מיטגלידער פונעם אַקטיאָרן־פאַראיין, האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט מיט פרייד:

— גוט, גוט, ווי געווּנטשן! — האָט ער זיך דערפרייט. — כ'דאַרף יונגע לייט כ'זאָל קענען מיט זיי אַרבעטן, כ'זאָל קענען מיט זיי קנעטן.

די אַקטיאָרן האָבן געוואַרט אין פּאָיע פון טעאַטער ווען די געסט זענען געקומען; געווען אויך אַ סך פונעם נייגעריקן עולם, וואָס האָבן געוואוסט וועגן זייער אָנקום פון די יידישע צייטונגען. אויף דער בינע, ביי דער ערשטער פּראָבע, האָב איך בולאָוון באַקענט מיט דער אַקטיאָרן־טרופּע.

— דאָס זענען די „יונגע", די פּאַסיווע מיטגלידער פונעם אַקטיאָרן־פאַראיין: הערמאַן לאַסטער, זיסיע גאָלד, יוסף מאָורער — האָב איך זיי פאַר אים פאָרגעשטעלט.

בולאָוו האָט געשמייכלט.

און דאָס זענען די אַקטיווע מיטגלידער פונעם פאַראיין — האָב איך פאָרגעזעצט מיין פּרעזענטירן — נאָום גלאַזונאָוו, איזידאָר צוקערמאַן, יצחק מאיר וואַרשאַווסקי. זיי האָבן פרויען וואָס זענען אויך אַקטריסעס;

און דער איז מישא שוואַרץ, אַ צייכנער און אַן אַקטיאָר.

— אַט דעם צייכענער וועל איך דאַרפן צו מיין ערשטער פּיעסע „דער פאַרכישופטער קרייז".

און אַט די דאַמע איז מיין פרוי קלאַראַ פרידמאַן, וואָס אדאַנק אירע גרויסע דערפאָלגן אין די קורצע סעזאָנען איז דאָס טעאַטער „מיטרע" געוואָרן אַ יידיש טעאַטער.

— ס'פרייט מיך אייך צו קענען — האָט בולאָוו געזאָגט — ליובאַ, זיי באַקאַנט — האָט ער געזאָגט, זיך ווענדנדיק צו קאַדיסאָנען — דאָס איז קלאַראַ פרידמאַן. מאָרים שוואַרץ האָט אייך שטאַרק געלויבט אַלס גוטע אַרטיסטן און אינטעליגענטע פרוי. איך האָב אויך אָפט באַגעגנט אייער נאָמען אין דער אַרגענטינער „יידישע צייטונג" און „די פּרעסע".

***

דאָס קליינע „מיטרע"-טעאַטערל איז געווען צו קליין אַריינצונעמען דעם שטראָם מענטשן. נישט געקוקט דערויף, וואָס די פּיעסע איז געווען פרעמד דעם שטענדיקן יידישן טעאַטער-באַזוכער, האָט דער עולם זי אויפגענומען מיט ליבע און היימישקייט.

די פּיעסע „דער פאַרכישופטער קרייז" איז פונעם טשעכישן דראַמאַ-טורג לאַנגע. זי האָט אין זיך אַ סך עקזאָטישקייט, וואָס בולאָוו און ליובאַ האָבן אַרויסגעבראַכט אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט.

אַ טייל פון די באַזוכער האָט צווישן די אַקטן זיך מיט מיר געטיילט מיט די איינדרוקן פון דער פאָרשטעלונג.

— מיר האָבן איינפאַך נישט דערקענט אונדזערע היימישע אַקטיאָרן
— אַזוי האָט אַ שטענדיקער טעאַטער-באַזוכער מיר געגעבן אַ זאָג.
— דאָס הייסט קונסט!... — האָט אַ מבין זיך אַריינגעמישט.
— מ'האָט אונדז ביז איצט געקאָרמעט מיט „די רומענישע חתונה" און „געלט, ליבע און שאַנדע".

דאָס גליקל פון בינע האָט געמאָלדן דעם עולם, אַז דער צווייטער אַקט הייבט זיך אָן.

דאָס יידישע בוענאָס-אײַרעס האָט געהאַט וואָס צו קאָמענטירן.

ס'האָבן זיך גלייך געמאָלדן נישט געבעטענע פריינט צו בולאָוון מיט עצות, פאַרוואָס ער שפּילט אין אַזאַ קליינעם, אָרעמען טעאַטער ווי דאָס איז דער „מיטרע". אים געוואָלט איבערצייגן, אַז די געגנט איז נישט

קיין פּאָסיקע פּאַר אַזעלכע אַקטיאָרן ווי ער מיט ליובאַ קאַדיסאָן זענען.

— איר דאַרפט שפּילן — האָבן זיי געהאַט צו אים טענות — אין אַ צענטער־טעאַטער, נישט אין אַן אָרעמער געגנט און אַזאַ קליין טעאַטערל.

— מידע, אַז ער וויל, קען ער קריגן דאָס גרעסטע טעאַטער! — האָבן זיי בולאָוון געזאָגט.

האַלב שעמעוודיק האָט בולאָוו מיר דערציילט, אַז אייניקע דעלעגאַציעס זענען ביי אים געווען און מיט אים זיך אויסגעטענהט, פאַרוואָס ער מיט ליובאַן שפּילן אין אַזאַ אָרעמער געגנט; אויך האָבן זיי אים פאַרזיכערט, אַז איך קען פאַר זיי קריגן אַ גרויס טעאַטער; מען האָט זיי איינגערעדט, אַז אַפילו די קאַנינגער יידן וועלן אהער נישט קומען, און אַז די געגנט איז אַ לינקע...

— זעסטו, ליבער בולאָוו, דאָס ווייס איך נישט. די געגנט איז אַ לינקע? פונדעסטוועגן, אַז מיין קלאַראַ האָט געשפּילט „מאַדאַם איקס", „מעדעאַ", און אַפילו „אַ האַרץ וואָס בענקט", איז דער טעאַטער געווען איבערפולט פון רעכטע און לינקע.

אין אַ געווויסן טאָג זאָגט בולאָוו צו מיר:

— מידע, מ'האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַן אידעאַליסט און אַז צוליב טעאַטער ביסטו זיך פעאיק מקריב צו זיין.

— גוט, — האָב איך אים געענטפערט — כ'האָב שוין גערעדט מיטן עמפּרעסאַר פונעם טעאַטער „נועווא", דאָרט ווו מאָרים שוואַרץ איז מיט צוויי יאָר צוריק אויפגעטראָטן. אפשר וועט עפּעס ווערן דערפון, זיכער בין איך נישט, נאָר כ'האָב אַ בקשה צו דיר, בולאָוו, האָסט אַמאָל געשפּילט לייוויקס „קייטן"?

— ניין, קיינמאָל נישט!

— אָבער דו קענסט די פּיעסע? — בין איך צו אים צוגעשטאַנען.

— יאָ, כ'קען זי, כ'קען זי אויסלערנען, אויב מ'דאַרף.

— האָב איך צו דיר אַ פראַגע: אויב איך וועל דערליידיקן מיטן טעאַטער „נאָעוואָ", וועסטו אויפפירן „קייטן"? כ'וויל ווייזן אַט די יידן, וואָס קומען געבן עצות און זאָגן עדות, אַז אַ גוטע, סאָציאַלע פּיעסע, צי זי האָט אַ לינקע אָדער אַ רעכטע טענדענץ, ברענגט עולם אין וועלכן טעאַטער ס'זאָל נישט זיין. כ'וועל דיר דערציילן אַ פאַקט: אין 1929 האָב

איך געבראַכט אייזיק סאַמבערגן פאַרן טעאַטער „אָלימפּיאַ״, וואָס ליגט זייער ווייט פון דער יידישער געגנט. אין דעם זעלבן סעזאָן האָט יאָזעף שיינגאָלד גאַסטראָלירט מיט אַ גרויסער טרופּע אַקטיאָרן אין גרויסע צענ־טער־טעאַטער „אַרכענטינאַ״. ביי סאַמבערגן אין „אָלימפּיאַ״ איז געווען נאַכט אויף נאַכט אַן איבערפולטער טעאַטער, און אינעם גרויסן טעאַטער „אַרכענטינאַ״ מיט שיינגאָלדן האָט דער טעאַטער געפּוסטעוועט און די אַקיאָרן זענען אָפטמאָל געגאַנגען צופוס פון צענטער צו זיך אַהיים. נישט דער טעאַטער און נישט די געגנט זענען וויכטיק און מאַסגעבנדיק, נאָר דער ספּעקטאַקל דאַרף געפעלן.

בולאָוו האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט:

— גוט, מידע, טו ווי דו פאַרשטייסט. איך בין דיין גאַסט. דו האָסט אונדז געבראַכט, מיך מיט ליובאַ, וועסטו זיך באַרעכענען ווי ס׳איז בעסער.

מיט צען טעג שפּעטער האָב איך אַנאָנסירט, אַז בולאָוו מיט ליובאַ קאַדיסאָן צוזאַמען מיט דער גאַנצער טרופּע וועלן אויפטרעטן אינעם גרויסן צענטער־טעאַטער „נועוואַ״, דאָרט, וווּ מאָרים שוואַרץ האָט מיט צוויי יאָר צוריק גאַסטראָלירט.

בולאָוו האָט געהאַלטן וואָרט. נאָכן „קיביצער״ האָט ער אויפגעפירט לייוויקס „קייטן״.

דער ריזיקער טעאַטער „נועוואַ״ איז געווען איבעראויספאַרקויפט. דאָס פיר־שטאָקיקע טעאַטער איז געווען איבערפולט פון לינקע און רעכטע... ס׳איז געווען מיין באַפרידיקונג.

ווי תמיד בין איך ביי אַזאַ פאָרשטעלונג געזעסן אין זאַל און אויך הנאה געהאַט.

געוווּנדערט האָט מיך וואָס בולאָוו, דער הויפּט־פּראָטאַגאָניסט אין „קייטן״ חזרט איבער די פראַזע „היינט מוז עס געשען״ גאָר אַ סך מאָל; ס׳איז מיר אויסגעקומען פאַרדעכטיק. אפשר קען ער נישט די ראָל?...

אין האָטעל האָט ער מיר פאַרטרויט דעם סוד:

— מידע, ביסט גערעכט. כ׳האָב זיך צופיל אָפּגעגעבן צו דער פּיעסע, צו די אַקטיאָרן, נאָר זיך האָב איך פאַרנאַכלעסיקט, האָב איך זיך אַרויס־געהאָלפן מיט דער פראַזע „היינט מוז עס געשען״. זאָגן דיר דעם אמת

מידע? כ׳האָב געשטעלט די פּיעסע „קייטן״ לויט דיין בקשה, אויף דיין פאַרלאַנג.

כ׳האָב אים געדאַנקט.

— וואָס זאָגסטו צו אונדזערע גרויסע איינגאַמען? — האָט בולאָוו מיך באַלד געפרעגט.

— וואָס האָב איך צו זאָגן? געדענקסט, אויפן שיף, אַהערפאָרנדיק, ווי מיכאַלעסקאָ האָט נביאות געזאָגט, אַז די שיף שווערט אַראָפּ אויף אונדזער זייט?...



סצענע פון דער אויפפירונג „דער קיביצער" אין 1932 מיט יוסף בולאָוו און ליובאַ קאַדיסאָן אין טעאַטער „נועווא" אין בוענאָס־איירעס

# דער „סטאַר״ און דער וועווריק

ער, אַן אימפּאָזאַנטע און עלעגאַנטע פיגור, אַ סימפּאַטיש פּנים, פול מיט חן. אַ קוטשמע האָר, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן.

זי, אַ קליינע, אַ דראָבנע, מיט אַ פּאָר שוואַרצע בלישטשענדיקע אויגן, וואָס קוקן אַ ביסל קאָסאָקע; אַ שמאָל, לענגלעך פּנים מיט אַ נעזל און מיט ענערגישע שטריכן, וואָס בלאָזן אָן די נאָז-לעכלעך.



סאַמועל גאָלדענבורג

געפאָרן זענען ביידע אויף דער זעלבער שיף פון ניו־יאָרק קיין אַרגענטינע. געפאָרן גאַסטראָלירן.

סאַמועל גאָלדענבורג, אַלס אַ באַרימטער יידישער טעאַטער־סטאַר, פאָרט שוין צום צווייטן מאָל קיין אַרגענטינע, פאַרן בוענאָס איירעסער טעאַטער „עקסעלסיאָר״.

„פריידעלע״, אַן אומבאַקאַנטע פאַרן בו־ענאָס־איירעסער טעאַטער־עולם, אַן אַ פאַ־מיליע־נאָמען, אַן רעקלאַמע, אַן אַ רעפּער־טואַר, קומט פאַרן טעאַטער „מיטרע״, וואָס איז געווען אונטער מיין עמפּרעסע.

אויפן שיף זענען זיי ביידע געווען ברוגז; געזעסן ביי באַזונדערע טישן.

גאָלדענבורג מיט זיין געשעפטס־פירער, קאַרלאָס פידעלמאַן, און „פריידעלע״ מיט איר מאַן, שטערנבערג, און פאַרשטייער, מאַקס פריד־לענדער.

אין מאָנטעווידעאָ האָב איך אָפּגעוואַרט מיינע געסט. כ׳בין גלייך אַרויף אויף דער שיף, זיי מקבל־פּנים געווען, זיך אויך האַרציק באַגריסט מיט גאָלדענבורגן און אַנדערע אָנגעקומענע פון אַמעריקע.

איך האָב באַלד באַמערקט די פּרעמדקייט וואָס הערשט צווישן די צוויי סטאַרס. דער אַלטער איסאַי וויינשטיין, וועלכער איז אויך געקומען פון בוענאָס־איירעס כדי אָפּוואַרטן זייַנע געסט סיידי שיינגאָלד און סעם אויערבאַך, וועלכע זענען אויך געפאָרן מיט דער זעלבער שיף, פאַרן טעאַטער „אַמבו", האָט מיר פאַרטרויט א סוד, אַז ס׳הערשט אַ ברוגז צווישן די אַנדערע אַקטיאָרן און פריידעלען.

גאָלדענבורג, סיידי שיינגאָלד און סעם אויערבאַך האָבן פריידעלען נישט געוואָלט אָנערקענען אַלס אַ סטאַר, אַלס אַ גאַסטראָלאָרשע. גאָלדענבורג האָט געטענהט, אַז זי איז גאָרנישט קיין אַקטריסע:

— ווער קען איר? ווו האָט זי געשפּילט?

דערוויסנדיק זיך פון וויינשטיינען וועגן דעם „קריגס־צושטאַנד", וואָס האָט געהערשט אויף דער שיף, האָב איך זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פונעם גאַנצן ענין און איינגעלאַדן אַלעמען צו גיין צוזאַמען אין שטאָט און דאָרטן עסן מיטיק. און טאַקע זיך פאָטאָגראַפירן פאַר די אורוגווייער צייטונגען.

נאָכן מיטיק זענען מיר צוזאַמען אוועק צו שפּרינגבערגן אין דער יידישער ראַדיאָ־שעה.

גאָלדענבורג, אַלס דער באַרימטער סטאַר פון דער גרופּע, האָט דער ערשטער באַגריסט דורכן מיקראָפאָן דעם מאָנטעווידעער יידישן עולם; נאָכער איז לויט דער ריי אַרויסגעטראָטן סיידי שיינגאָלד און סעם אויערבאַך. ווען ס׳איז געקומען די ריי פון פריידעלעס באַגריסונג, האָט שפּרינגבערג מיר געגעבן דאָס וואָרט און מיך פאָרגעשטעלט אַלס דער פּיאָנער און טיכטיקן טעאַטער־עמפּרעסאַר פון אַזוי פיל יאָרן אין בוענאָס־איירעס.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעם גאַנצן פאַרדראָס, וואָס האָט אין מיר אינעווייניק געברענט קעגן די געסט פאַר זייער מבזה זיין פריידעלען אויף דער שיף, אויסגעלאָזט מיט אַן ענטוזיאַסטישער רעדע דורכן מיקראָפאָן צום עולם, דערציילנדיק אים, אַז גאַנץ בוענאָס־איירעס וואַרט אויף דער יונגער פריידעלע; אַז פריידעלעס יחוס באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז אַ חזנס אַ טאָכטער, דעם באַרימטן משה אוישערס אַ שוועסטער; אַז זי זינגט ווי אַ זינג־פייגעלע און אַז זי איז די יידישע לילי פּאָנס (דעם

אמת געזאָגט, האָב איך נאָך נישט געוווּסט, צי זי האָט אַ סאָפּראַן אָדער אַן אַלט).

מיט איין וואָרט, כ׳האָב אויסגענוצט דעם גאַנצן כוח פון מיין פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט נישט אַזוי צוליב מאַנטעווידעאָ, ווי נאָר בכדי עס זאָל פאַרדריסן די סטאַרס.

מיר זענען אַלע צוזאַמען אַוועק צוריק צו דער שיף.

אויפן וועג האָב איך געהערט גאָלדענבורגן וואָרטשען צו פּידעלמאַנען:

— ער האָט דאָך אונדז אַלעמען אָפּגעווישט מיט זיין „ספּיטש".

איידער די שיף האָט זיך גערירט פון אָרט, האָבן אַלע געכאַפּט די פאַרנאַכט־ציַיטונגען צו זען וואָס מ׳זאָגט וועגן זיי, אָנקוקן די פאָטאָגראַפיעס.

און ווידער אַן אומצופרידנקייט צווישן די סטאַרס: נאָר איין בילד איז אַרויס אין די ציַיטונגען — פּריידעלעס... גאָלדענבורג האָט געהאַט טענות צו פּידעלמאַנען:

— איר זענט נישט קיין געשעפטספירער. קוקט זיך צו: זי, די קליינע, איז דאָ; גאָלדענבורג — נישט. אויערבאַך האָט אויך געבורטשעט. אַזאַ וועוועריק מיט אַזאַ גרויסע קלישע. ס׳איז מידעם אַרבעט.

איך האָב דאָס אַלץ געהערט, ווייל כ׳האָב אַ גוט אויער צום סופליאָר, פאַרט אַ געוועזענער אַקטיאָר...

צומאָרגנס אינדערפרי, אָנקומענדיק קיין בוענאָס־איירעס, האָבן דריי טרופּעס אָפּגעוואַרט זייערע געסט.

דעם זעלבן פאַרנאַכט איז די גרויסע אָוונט־ציַיטונג „קריטיקאַ" אַרויס מיט אַ ריזן־בילד אויף דער ערשטער זייט, ווי פּריידעלע באַגריסט דעם עולם מיט דער האַנט אין דער הויך.

(יאָר 1936)

# אַ געיעג נאָך גאַסטראָליאָרן

אַנטאָן טשעכאָוו האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ווען אַן אַקטיאָר האָט געלט שרייבט ער נישט קיין בריוו, נאָר קלאַפּט טעלעגראַמעס. אַזוי ווי אונדזערע בוענאָס־איירעסער יידישע טעאַטערן שטייען איין אין אַקטיאָרישע הענט, דאָס הייסט, אַז די באַלעבאַטים זענען אַקטיאָרן, האָט מען געשיקט טעלעגראַמעס ווען ס'האָט זיך אָנגערוקט דער נייער סעזאָן. אין יאָר 1927 האָבן אַלע טעאַטערס: „עקסעלסיאָר", „אַמבו" און „אָלימפּיאַ" געהאַלטן אין איין טעלעגראַפירן סתם אין דער וועלט אַריין, זוכנדיק אַ „סטאַר" צום סעזאָן.

דער יידישער טעאַטער־באַזוכער האָט זיך צוגעוווינט, אַז מען דאַרף אים יעדעס יאָר, אָדער בעסער געזאָגט, יעדע דריי חדשים געבן אַ נייע אַטראַקציע — אַ גאַסט פון אויסלאַנד. זייענדיק דאָס יאָר דער אונטערנעמער פונעם „אָלימפּיאַ"־טעאַטער, בין איך נישט אָפּגעשטאַנען פון די אַנדערע און געשיקט טעלעגראַמעס. די „אָל־אַמעריקאַן קייבל" און די „וועסטערן אוניאָן", די צוויי גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע טעלעגראַפןקאָמפּאַניעס, האָבן גוט געקענט די טעאַטער־אונטערנעמער.

כ'פלעג זיי אָפּט באַלעסטיקן טעלעפאָניש, פרעגנדיק צי עס איז נישט פאַראַן אַ טעלעגראַמע פאַר מיר פון אויסלאַנד.

ערב סעזאָן בין איך געווען אין דער ברען. כ'האָב תמיד געזוכט איבערצושטייגן דעם קאָנקורענט.

דער באַוווּסטער טעאַטער־קריטיקער שמואל ראָזשאַנסקי האָט וועגן מיר געשריבן: „אַדאָלף מידע האָט אַריינגעבראַכט אַ געיעג צו איבערשטייגן זיך אין טעאַטער".

סטאַכאַנאָוויזם . . .

דעמאָלט, ווען דער געיעג איז אָנגעגאַנגען צווישן די טעאַטערס און איינער האָט דעם אַנדערן געזוכט איבערצוּיאָגן, האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז אומגעזונט. „מ'זאָגט זיך אַרויס די נשמה". אָבער איצט קען מען

שוין זאָגן מיטן פולן מויל, אַז דאָס איז געווען נוצלעך; דאָס האָט סטימו־לירט; איינער האָט טאַקע געזוכט אויסצופּיינען זיך אַנטקעגן דעם אַנדערן, דאָס האָט געפירט צו פּרווון, צו פּאַרמעסטונגען — קאָנקורענץ.

און קאָנקורענץ איז געזונט — אַזוי האָט געשריבן ש. ראָזשאַנסקי.

דעמאָלט, אינעם יאָר 1927, האָב איך צוגעשיקט טעלעגראַמעס קיין וואַרשע, ניו־יאָרק, ריגע, לאָדזש, פּאַריז, יאָהאַנעסבורג. קענענדיק דעם טעאַטער־עולם האָב איך געוווּסט, אַז דער עיקר, וואָס דער באַזוכער פאַר־לאַנגט, איז אַ ליטישער גאַסטראָליאָר און אַ גוטע פּיעסע.

די אַקטריסע מאַרסעלאַ וויים איז עטלעכע סעזאָנען געווען קאָנטראַק־טירט ביי מיר אין טעאַטער.

זי האָט געשפּילט אויך אויף דער אַרגענטינער בינע אין שפּאַניש. מאַרסעלאַ, ווי אויך איר מאַן, ענריקע וויים, זענען חוץ טעאַטער־מענטשן אויך געווען מיינע פּערזענלעכע פריינט.

אין איינעם אַן אָוונט פאַרן סעזאָן, אין די חדשים פון די גרויסע היצן, האָבן מיר צוזאַמען געמאַכט אַ שפּאַציר אין דער געגנט פון פּאַ־לערמאָ (אין זייער אייגענעם אויטאָמאָביל). כ׳האָב זיי פאַרגעלייגט מ׳זאָל מיך צופירן צו די טעלעגראַפן־קאָמפּאַניעס, אַז כ׳דאַרף כלומרשט וויסן צי איז אפשר אָנגעקומען עפּעס אַ ידיעה פאַר מיר פון אויסלאַנד. על־פּי־רוב פלעגן די גרויסע, אַ סך ווערטערדיקע טעלעגראַמעס אָנקומען ביינאַכט (נאַכט־טעלעגראַמעס).

שוין קומענדיק נאָענט פון די טעלעגראַפן־אַגענטורן האָב איך דורכן גרויסן פענצטער פון „אָל אַמעריקאַן קייבל” דערזען ווי איזידאָר צוקער־מאַן, דער „מענעדזשער” פון טעאַטער „אָמבו” שרייבט — געוויס אַ טע־לעגראַמע קיין אויסלאַנד, האָב איך זיך געטראַכט...

ענריקע און מאַרסעלאַ וויים האָבן אין פענצטער נישט געקוקט און האָבן נישט געזען צוקערמאַנען.

כ׳האָב געהייסן דעם קאָטש שטעלן אין אַ זייט. נישט זיי זאָלן באַ־מערקן צוקערמאַנען און נישט ער זאָל, אַרויסקומענדיק, אונדז דערזען.

אָבער דאָס פּאָרפּאָלק וויים האָט זיך געחידושט פאַרוואָס איך בלייב אין קאָטש. מאַרסעלאַ האָט מיך געפרעגט:

— דאַכט זיך, מידע, אַז דו ווילסט שיקן אַ טעלעגראַמע.

כ'האָב זיי ביידן פאררעט, כ'האָב געוואַרט ביז צוקערמאַן וועט אַוועק.

אַז כ'בין שפּעטער אַריינגעקומען אין דעם האָל פון „אָל אַמעריקאַן קייבל", איז דאָס ערשטע וואָס כ'האָב דאָרט געפרעגט, צי ס'איז נישט געקומען עפּעס אַ טעלעגראַמע פאַר מיר פון אויסלאַנד.

באַקומענדיק דעם ענטפער, אַז ניין, האָט מען מיר אויך געזאָגט, אַז דער אַדמיניסטראַטאָר פון „אַמבו"-טעאַטער איז נאָר-וואָס דאָ געווען.

כ'האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געלייגט קיין אַכט דערויף און גאָרנישט געפרעגט, ווייל לויטן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך טאָרן טעלעגראַף-סודות נישט אַרויסקומען פון ביורא. האָב איך זיך געשטעלט ביי דער זעלבער שרייב-סטאַיקע וווּ צוקערמאַן איז פריער געשטאַנען און געמאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי איך שרייב אַ טעלעגראַמע. כ'האָב איין פּאַפּיר צעריסן און אַריינגעוואָרפן אין קאָרב; דאָס צווייטע פּאַפּיר — צעריסן און אַוועק־געוואָרפן; כ'האָב אַרויסגעוויזן אַ נערוועזיטעט אַז די טעלעגראַמעס קומען ביי מיר נישט אַרויס געלונגען. שפּעטער האָב איך אַלע צעריסענע בלאַנקען מיינע און צוקערמאַנס אַרויסגענומען פון קאָרב און אַריינגעלייגט אין טאַש צו זיך. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז כ'וועל, זיצנדיק אין קאַפע בעסער אויסשטעלן די טעלעגראַמע.

ביי זיך האָב איך געטראַכט: צוקערמאַן האָט געוויס אויך צעריסן אַ סך אויסגעשטעלטע טעלעגראַמעס. אָט די, וועלכע איך האָב מיטגענומען מיט זיך.

קומענדיק מיטן פּאַרפּאַלק ווייס אין דער געגנט פון די קאַפּעהייזער אין צענטער פון שטאָט, האָב איך זיך געזעגנט מיט זיי און זיי דערקלערט, אַז איך בוז איצט זיך זעצן שרייבן די טעלעגראַמע, ווייל די פריערדיקע, וואָס כ'האָב אַוועקגעשיקט, איז נישט געווען קיין געלונגענע.

זייענדיק אַליין אין קאַפּע האָב איך שנעל און מיט נייגעריקייט צו־זאַמענגעשטעלט די צעריסענע שטיקלעך פון צוקערמאַנס טעלעגראַמעס.

די טעלעגראַמע איז געווען אַדרעסירט צו יוסף שערמאַן אין לאָנדאָן, מיטן פאָרלייג פאַר אַ מיטלמעסיקן געהאַלט צו קומען שפּילן אין טעאַטער „אַמבו".

יאָזעף שערמאַן איז געווען אַ באַרימטע אַטראַקציע אַמאָל אין וואַרשע.

ער האָט געשפּילט מיט קלאַראַ יונג אין „עליזעום"־טעאַטער און מיט גרויס דערפאָלג. זיין „סוקסעס" איז געווען „דער לוסטיקער פויגל". שפּע־טער איז ער געווען אין אַרגענטינע און געהאַט גרויס דערפאָלג. ער איז געווען אַ בוף־קאָמיקער, וואָס קען געפעלן...

כ'האָב באַלד אַנאַליזירט דעם ענין... טראָץ דעם, וואָס צו מיר דאַרף קומען אַ גאַנצע טרופּע פון אַפריקע מיט ווערא קאַניעווסקאַ בראש, קען יאָזעף שערמאַן נאָך פאַרשענערן און פאַרשטאַרקן דעם אַנסאַמבל.

דער זייגער האָט שוין געוויזן 4 פאַרטאָג ווען כ'בין געקומען אויף דער טעלעגראַף־סטאַנציע. כ'האָב געלאָזט וויסן יאָזעף שערמאַנען אין לאָנדאָן (געשיקט די טעלעגראַמע האָב איך עקסטרא־עקספּרעס, מיט אַ באַצאָלטן ענטפער. צוקערמאַן האָט געשיקט אויף אַ פערטל טאַריף און נישט באַצאָלט פאַר קיין ענטפער), אַז איך קען אים קאָנטראַקטירן נאָך אַרגענטינע אין טעאַטער „אָלימפּיאַ" אויף 3 חדשים מיט אַ געהאַלט פון... (צוקערמאַן האָט אים פאָרגעלייגט פונקט די העלפט).

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַל: ווען איזידאָר צוקערמאַן האָט גע־שיקט צו יאָזעף שערמאַנען די צווייטע טעלעגראַמע, אויך אויף אַ פערטל־טאַריף (ס'הייסט נאַכט־טעלעגראַמעס), פאַרוואָס שערמאַן ענטפערט אים נישט, איז דער קאָמיקער שוין געזעסן אויף דער שיף, פאָרנדיק אין מיין טעאַטער.

(יאָר 1928)

# דער בעל־שם טוב און די אַקטריסע

געווען איז אַנאָנסירט גאָלדפאַדנס אָפּערעטע „שולמית", אָבער ווער עס זאָל שפּילן די טיטל־ראָל איז נישט געווען.

די אַקטריסע־פּרימאַדאָנע איז געווען אין טרויער. עס איז ביי איר געשטאָרבן אַ קינד. אַ פּריילעכס און אַ קלוגס. קיינער פון די אַקטיאָרן האָט נישט געהאַט קיין האַרץ פאַרצולייגן איר, אַז זי זאָל גיין שפּילן. פּונקט ווי אַלע אַרטיסטן אין דער טרופּע האָב איך אויך געזוכט זי צו טרייסטן, און האָב איר דערביי דערציילט אָט די מעשה:

אין אונגאַרן האָט געוווינט זייער אַ רייך יידיש פּאָרפאָלק וואָס איז געווען קינדערלאָז.

דער מאַן, אַ פרומער, איז יעדעס יאָר מיט זיין פרוי געפאָרן צום בעל־שם־טוב, ער זאָל זיי בענטשן מיט אַ קינד.

דער צדיק האָט נישט געקענט צוזען דעם צער פון די עלטערן, האָט ער זיי געגעבן אַ ברכה, אַז די פרוי זאָל געבוירן אַ קינד, אָבער מיטן באַדינג, אַז דאָס קינד וועט אַלט ווערן צוויי יאָר זאָל מען עס ברענגען צום רבין.

גרויס איז געווען דער יום־טוב ביי טאַטע־מאַמע ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן.

פּונקט צו די צוויי יאָר איז די מאַמע געפאָרן צום בעל־שם־טוב מיטן ליכטיקן קינד. דער רבי האָט דאָס קינד געקושט, אַרויסקומענדיק פון רבינס חדר איז דאָס קינד פּלוצעם געשטאָרבן אויף דער מאַמעס הענט.

די אומגליקלעכע פרוי האָט געוויינט און געשאָלטן דעם רבין, אַז נאָר ער האָט דערהרגעט איר דאָס קינד מיט זיין קוש.

דער בעל־שם־טוב האָט זי געטרייסט, געזוכט צו באַרואיקן זי, איר געהייסן זיך זעצן, און האָט איר דערציילט אָט די פּאַסירונג:

אַ קריסטלעך לאַנד האָט דאָס קעניגלעכע פּאָרפאָלק נישט געהאַט קיין קינדער.

איין מיניסטער, זייער אַ קלוגער, האָט דעם קעניג געעצהט, אַז ער

זאָל ארויסגעבן א באַפעל צו די יידן אז זיי זאָלן צו זייער גאָט בעטן אז די קעניגין זאָל געבוירן א זון. אונטער א שטראָף פון ארויסטרייבן אַלע יידן פון לאַנד.

יידן האָבן געוויינט, געפאַסט, געזאָגט תהילים און צום יאָר איז גע־זוען א גרויסער יום־טוב אין לאַנד. די קעניגין האָט געבוירן א זון.

דער פּרינץ איז געוואָרן דערצויגן ביי די גרעסטע און בעסטע פּראָ־פעסאָרן פון לאַנד.

דער קעניג האָט געלאָזט רופן דעם קאַרדינאַל אז ער זאָל ווערן דעם פּרינצס לערער. דער הויכער גייסטלעכער האָט אַקצעפּטירט נאָר מיט א באַדינג, אז די צוויי שעה אין טאָג וואָס ער רעדט מיט גאָט זאָל ער זיין פריי פון דער לערע.

דער פּרינץ איז שנעל געוואָרן א גוטער פריינט מיטן גלח. אים האָט אָבער אינטערעסירט צו זען ווי אַזוי ער רעדט די צוויי שעה מיט גאָט.

ער פלעגט יעדן טאָג נאָכשפּיאָנירן דעם קאַרדינאַל, אים נאָכגיין אין די פּאַלאַץ־צימערן, נאָכמאַכן שליסלען צו די טירן פון די חדרים. ביז איין מאָל אין א טאָג, עפענענדיק א טיר פון א צימער פול מיט ספרים, האָט ער געטראָפן דעם אַלטן קאַרדינאַל איינגעהילט אין א טלית מיט תפילין. דער גלח, דערזעענדיק דעם פּרינץ, איז געפאַלן אין חלשות.

אָפּגעמינטערט אים, האָט דער פּרינץ פאַרזיכערט דעם קאַרדינאַל אז קיינער וועט זיין סוד נישט וויסן, אז ער איז א פאַרבאָרגענער ייד.

דער פּרינץ אַלס יונגער און נייגעריקער בחור האָט זיך פאַראינטע־רעסירט אין דער נייער לערע און אין א צייט אַרום איז ער געוואָרן א בקאי אין קבלה.

ער האָט זיך געגהויסט פאַר דעם קאַרדינאַל אז ער איז שוין א גאַנ־צער ייד, אז ער קען אַלע דינים און געזעצן פון יידישקייט.

דער גלח האָט אים דערקלערט, אז ער איז נאָך נישט קיין ייד אין גאַנצן. עס פעלט די מצווה מילה. ער האָט אים אָפּגערעדט פון צו טון אַזאַ שריט. זיין טאַט קען אויך שאַדן דעם יידנטום.

דער פּרינץ איז אָבער באַשטאַנען דערויף, ער וויל און מוז ווערן א ייד. ווען דער אַלטער קאַרדינאַל איז קראַנק געוואָרן, געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט דער פּרינץ אויסגעבעטן ביים גלח א בריוו צו א גרויסן

רבין אין גאליציע, אז מען זאל אים מגייר זיין. צוגלייך מיטן טויט פון דעם קאַרדינאל איז אויך דער קרוינפּרינץ פאַרשוואונדן פון לאַנד.

דער רבי אין גאליציע האט מגייר געווען דעם פּרינץ און דער נייער ייד איז געזעסן טאג און נאכט אין בית־מדרש און געלערנט תורה, עסנדיק טעג ביי באלעבאטים.

אין דעם שטעטל פון גאליציע האט מען אנגעהויבן זיך צו שושקען אז דער ישיבה בחור איז א קעניגס א זון... שלעכטע מענטשן פעלן נישט. אין א שייענעם טאג האט מען דעם פּרינץ ארעסטירט און אפּגעשיקט אין זיין לאנד. דער טאטע, דער קעניג, איז שוין לאנג געווען טויט און די מאמע, די קעניגין, האט געפאדערט ביים זון ער זאל צוריק אננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן און די קרוין. מיטן שמע ישראל אויף די ליפּן איז דער יונגער גר אומגעקומען. ער איז ביז די לעצטע מינוטן פארן שטארבן געווען פעסט אין זיין גאט און זיין גלויבן.

די נשמה פון דעם פארשטארבענעם פּרינץ איז געבליבן ביי דער טיר פון גן־עדן. דער מלאך האט זי נישט אריינגעלאזט.

דער יונגער פּרינץ האט פּראטעסטירט, פארוואס? האב איך דען נישט מקריב געווען דאס גרעסטע פאר מיין יידישקייט.

אמת, האט דער שומר געענטפערט, דו ביסט ראוי צום גן־עדן, נאר צוויי יאר וועסטו דארפן ליידן אדער איבערגעבוירן ווערן. דו האסט צוויי יאר געהאט א קריסטלעכע אם און זיך דערנערט פון איר מילך.

דער בעל־שם־טוב איז אנטשוויגן געווארן. די פרוי האט געווארט מיט נייגעריקייט וואס דער רבי וועט ווייטער זאגן.

געזען האב איך, האט דער רבי געזאגט, אז דו קענסט קיין קינדער נישט האבן, אבער דיין צער האט מיך גערירט.

איך האב אויך געזען אז אין די הימלען איז דא א נשמה וואס דארף צוויי יאר אפּקומען, האב איך ביי גאט אויסגעבעטן, זיי וויסן פרוי, אז דאס קינד איז נישט דיינס. דאס איז יענער פּרינץ וואס „האט געדארפט מגולגל ווערן, דערפאר האב איך אים געקושט.

די שוישפּילערין און אלע אקטיארן ארום האבן מיט שפּאנונג אויס־געהערט מיין דערציילונג און ביינאכט האט מען געשפּילט „שולמית" מיט דער פּרימאדאנע אין דער טיטל־ראל.

(לובלין 1920)

# מיט 24 יאָר צוריק

אין 1933 האָב איך קאָנטראַקטירט דעם גרויסן קאָליסעאָ פאַר אַ יידיש טעאַטער. כ'האָב אונטערהאַנדלט מיט קינסטלער און אַקטיאָרן־גרופּעס פון אויסלאַנד, ווי: לודוויג זאַץ, פּאָול באַראַטאָוו, טורקאָוו, שטיין, מאָרעווסקי מיט קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, קעשיר, פריד, ווינאָגראַדאָוו און משה פעדער. פּלוצלינג באַקום איך אַ טעלעגראַפישע ידיעה פון מאָריס שוואַרצן, אַז ער וויל קומען מיט זיין רעקאָרד־פּיעסע „יאָשע קאַלב" פון י. י. זינגער. כ'האָב מאָריס שוואַרצן געענטפערט: אויב ער קען מיטברענגען עטלעכע געקליבענע קינסטלער מיט זיך, טראָץ דעם וואָס מיין לאָקאַלער אַנסאַמבל וועט זיין פון איבער 30 שוישפּילער בין איך מסכים.

די קינסטלער וואָס זענען געקומען מיט מאָריס שוואַרץ זענען פאָלגנדיקע:

לאַזאַר פריד, יהודית אַבאַרבאַנעל, טשאַרלאָט גאָלדשטיין און בן־ציון כץ



אַ שפּאַציר אין פּאַלערמאָ — בעטי ניסען, בן־ציון־כץ, קלאַראַ פרידמאַן, יעקב באָטאָשאַנסקי, טשאַרלאָס גאָלדשטיין, לאַזאַר פריד און מרים לערער

# צווישן טויטע אַקטיאָרן

דער נעקראָלאָג אין די פּרימאָרגן־צייטונגען האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז כ׳דאַרף זיין ביי דער לויה.

אינעם נעקראָלאָג האָט זיך געזאָגט, אַז דעם זעלבן אינדערפרי וועט פאָרקומען די לויה פון חנא הערבסט, געריכטעט צום יידישן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, און די טאָכטער פונעם פארשטאָרבענעם בעט, אַז פריינט זאָלן קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם מת.

אַזוי ווי דער פאַרשטאָרבענער איז געווען אַן עלנטער מענטש, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס׳וועט געווים קיינער נישט זיין ביי דער לויה. האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ. בלויז אויס רחמנות צו דער קיילעכדיקער יתומה. מיט אַ צייט צוריק איז אויך געשטאָרבן די מאַמע פון דעם מיידל, די יידישע ראַדיאָ־זינגערין מאַריאַ לערמאַן.

חנא הערבסט האָט שטענדיק אַלעמען פאַרזיכערט, אַז ער איז אַ געוועזענער אַקטיאָר נאָך פון וואַרשע. ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ער איז צוזאַמען מיט מיר געווען אין אַן אַקטיאָרן־טרופּע אין לובלין. אַלס עדות האָט ער געבראַכט מערי מאַרקאָ, זינאַ ראַפּעלס שוועסטער.

אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ, וווּהין איך בין אָנגעקומען האַלב נאָך 9 אינדערפרי, האָב איך קיינעם נישט געטראָפן. לויט ווי דער „כערענטע" פונעם בית־עולם און ישראל דייטש, דער חזן פונעם גוטן אָרט, האָבן מיר פאַרזיכערט, איז אויפן דאָזיקן אינדערפרי פון דער חברה קדישא נישט געמאָלדן געוואָרן קיין שום לויה.

ס׳האָט מיר שטאַרק באַנג געטון — אַזוי וויט געפאָרן! אַ גוטע שעה רייזע פון בוענאָס־איירעס!

זיצנדיק מיטן כערענטע אין ביוראָ פונעם בית־עולם קלינגט מען דורכן טעלעפאָן פון דער חברה קדישא און מ׳לאָזט וויסן, אַז די לויה

פון חנא הערבסט וועט זיין נאָכמיטאָג. איך באַשליס צו פאָרן צוריק אין שטאָט אַריין; כ'וועל דאָך נישט זיצן און וואַרטן 4 שעה צייט!

דער חזן, ישראל דייטש, זייער אַ פריילעכער אַלטער, אַ ברודער פון נעם פאַרשטאָרבענעם אַקטיאָר און חזן יצחק דייטש, זאָגט צו מיר:

— סעניאָר מידע, אַז איר זענט שוין דאָ, פאַרוואָס זאָלט איר נישט מאַכן אַ באַזוך אויף די קברים פון באַקאַנטע פאַרשטאָרבענע אַקטיאָרן?

דערמיט איז ישראל דייטש אויסן געווען מיך אויפצוהאַלטן כ'זאָל בלייבן ביז דער לויה.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון זיין פאַרלאַנג. זיין אויפן בית־החיים און נישט גיין אויף די קברים פון געוועזענע טעאַטער־מענטשן!

ישראל דייטש האָט נישט לאַנג געטראַכט, זיך אָנגעטון דעם חזנים־מאַנטל מיטן שפּיציקן קאַפּל, גענומען דאָס תהילימל אין האַנט און מיר זענען געגאַנגען צו די קברים.

דער טאָג איז געווען אַ הערלעך־שיינער; די זון האָט געשיינט מיט דער גאַנצער פּראַכט. אויף די קברים האָט געהערשט אַ מניחה, אַ שטילקייט, וואָס האָט געמאַכט גלויבן, אַז די געשטאָרבענע זענען רואיק און צופרידן און וואַרעמען זיך אונטער די שווערע שטיינער פון די מצבות.

גייענדיק, האָב איך געלייענט די אויפשריפטן אויף די שטיינער, געקוקט מיט שטוינונג אויף די פאָטאָגראַפיעס, ווייל כ'האָב דאָ אויסגעפונען אַ סך באַקאַנטע, וועלכע זענען ביי זייער לעבן געווען טעאַטער־באַזוכער, און איך האָב נישט געוווּסט, אַז זיי לעבן מער נישט. כ'האָב געמיינט, אַז זיי לעבן נאָך און קוויקן זיך מיט די מיליאָנען זייערע.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך פון די געדאַנקען ווען ישראל דייטש האָט מיר געגעבן אַ זאָג:

— סעניאָר מידע, דאָס איז גוטהערצס קבר. זאָל איך אים זאָגן, אַז איר זענט דאָ?

כ'בין געבליבן ווי צעטומלט פון זיין פראַגע, ווייל נאָך זיין טויט האָב איך חתונה געהאַט מיט זיין אַלמנה.

— געוויס, זאָגט אים! — האָב איך זיך געשטאַרקט.

— זייט אזוי גוט, סעניאָר מידע, ליגט ארויף א שטיינדל אויפן קבר — האָט מיר ישראל דייטש געזאָגט.

כ'האָב אים געפאָלגט.

ער האָט געמאַכט אַן אל מלא רחמים און מיר זענען אוועק ווייטער.

— דאָ ליגט יעקב פּערלמאַן — זאָגט מיר ישראל דייטש.

— כ'זע עס דאָך לויט דער אויפשריפט אויף דער מצבה, נו, גוט, מאַכט אים אויך אַן אל מלא.

— סעניאָר מידע, לייגט ארויף א שטיינדל אויפן קבר.

כ'האָב געפאָלגט און מיר זענען אוועק ווייטער זוכן קברים פון באַקאַנטע.

— דאָרט, נישט ווייט, ליגט א יונגערמאַן וואָס איז געווען א פּעאיקער אַקטיאָר. ער האָט געשפּילט מיט בולאָוון ווען ער איז געווען אין בוענאָס־איירעס, אין טעאַטער „עקסעלסיאָר". איר האָט אים זיכער געקענט — פאַרזיכערט מיר ישראל דייטש.

— יאָ, כ'האָב אים געקענט. „יאשאַן" האָבן אים די אַקטיאָרן גערופן. כ'האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז ער איז געשטאָרבן. מאַכט אים, ר' ישראל, אַן אל מלא.

— זייט אזוי גוט און לייגט א שטיינדל אויפן קבר — זאָגט ער מיר.

מיר זענען אוועק פון „יאשאַנס" קבר. כ'האָב געטראַכט: אזא יונגער מענטש, אינגאַנצן 32 יאָר אַלט געווען. כ'האָב אפילו נישט געהערט, אַז ער זאָל האָבן קראַנק געווען.

— סעניאָר מידע, — וועקט מיך ישראל דייטש פון די געדאַנקען — דאָרט איז א קבר פון א טעאַטער־מענטש. די מצבה איז אַן א פאָטאָגראַפיע. איך געדענק אים נישט, נאָר אַקטיאָרן זאָגן, אַז ער איז געווען א שרייבער, א סופליאָר, אַן עלעקטריציסט, א סוחר פון סיפאָנען. איר מוזט זיכער וויסן ווער דער מענטש איז געווען.

ישראל דייטשס רייד האָבן מיך נייגעריק געמאַכט. מיט איילעניש האָב איך איבערגעלייענט די אויפשריפט אויף דער מצבה.

— יאָ, געקענט אים, — זאָג איך דייטשן — געוויס אים געקענט, משהלע ליבערמאַן, געווען א סופליאָר, געווען א שרייבער, א סך יאָרן געאַרבעט ביי מיר אַלס סופליאָר. כ'האָב אים זייער גערן געהאַט, משהלען.

ערב סעזאָנען פלעגט ער מיר ברענגען עלעקטרישע דראָטן און לעמפּלעך פאַר א ביליקן פּרייז. אַקטיאָרן האָבן אים חושד געווען, אַז די לעמפּלעך זענען מיינע פון די פריערדיקע סעזאָנען, אָבער איך האָב נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם וואָס אַקטיאָרן זאָגן און אים שטענדיק באַצאָלט.

— ר' ישראל, מאַכט אים אַן אל מלא.

— לייגט א שטיינדל אויפן קבר.

מיר זענען אַוועק ווייטער.

אויפן וועג זאָגט מיר ישראל דייטש:

— אָט דעם קבר, וואָס איך וועל אייך איצט ווייזן, קענט איר זיכער נישט. ס'איז פון א פרוי, נישט פון קיין אַקטריסע, אָבער זי האָט זיך געחברט מיט א באַקאַנטער אַקטריסע. מ'זאָגט אַפילו, אַז די מצבה האָט די אַקטריסע געשטעלט פאַר דער פרוי.

מיר דערנענטערן זיך און איך לייען איבער די אויפשריפט.

נישט קיין באַקאַנטער נאָמען פאַר מיר, אויך די מצבה מאַכט מיך נייגעריק; אַן אָפּגעהאַקטער בוים שטעלט זי מיט זיך פאָר. ביי דער זייט א קליין בילדל. איך קוק און דערמאָן זיך, אַז דאָס איז א געוועזענע חברטע פון דער אַקטריסע אסתר לוסטיק. און איך דערמאָן זיך: געווען א טעאַ־טער־פּאַטריאָטקע.

— נו, ר' ישראל, מאַכט איר אַן אל מלא.

— סעניאָר מידע, לייגט אַוועק א שטיינדל!

דער זייגער איז שוין געווען 12.

— ניין, ר 'ישראל, כ'וועל דאָ נישט בלייבן נאָך גאַנצע 2 שעה. כ'וועל פאָרן אַהיים. יאָ, — דערמאָן איך זיך — מיט צוויי וואָכן צוריק איז געשטאָרבן שלמה צוקערס מאַמע. פירט מיך צו איר קבר, וועט איר מאַכן אַן אל מלא.

מיר קומען צו צו איר קבר, עטלעכע פרישע בערגלעך ערד. ישראל דייטש בלייבט אין א פאַרלעגנהייט. ער ווייסט נישט אָנצוּווייזן דעם קבר, ווייל דורך די צוויי וואָכן זענען צוגעקומען עטלעכע פרישע קברים מיט נומערן. גיין אין אַדמיניסטראַציע פרעגן, וועלכער נומער ס'איז דער קבר קען מען איצט נישט, ווייל דער בערענטע איז אַוועק עסן. האָט דייטש

געפונען אן עצה. ער האָט זיך געשטעלט צווישן די פרישע בערגלעך ערד און געמאַכט דעם אל־מלא.

אוועקגייענדיק האָב איך דייטשן געזאָגט:

— אַצינד וועט איר מיר דערקלערן דעם שכל וועגן די שטיינדעלעך וואָס איר האָט מיר געהייסן לייגן אויף יעדן קבר.

שוין זייענדיק אויף יענער זייט פּאַרקן האָט ער מיר לאַנגזאַם גענו־מען דערקלערן:

— נאָך צוועלף אַזייגער ביינאַכט גייען די מתים אַרויס פון די קברים און פאַרזאַמלען זיך. יעדער איינער דערציילט וועגן זיין איבערלעבונג פונעם טאָג. ווער ס'איז געוועזן ביי אים אויף קבר־אבות — אַ טאַטע, אַ מאַמע, אַ זון, אַ טאָכטער, אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ ווייטער קרוב. די מתים גרויסן זיך פון די באַזוכער וואָס פאַרלאָזן זיי נישט אפילו נאָכן שטאַרבן. פאַרשטייט זיך, אַז די עלנטע, וואָס קיינער קומט נישט צו זיי, בלייבן פאַרשעמט. דעריבער איז דער חוב, אַז ווען מ'קומט אויף אַ פרעמדן קבר, נישט פון קיין קרוב, אוועקצולייגן אַ שטיינדל אויף אַ סימן, בכדי דער עלנטער מת זאָל נישט פאַרשעמט בלייבן לגבי די אַנדערע.

# סידי שיינגאָלד און סעם אויערבאַך

## די סטאַארס וואָס זענען געקומען מיט פאַרשפּעטיקונג

סיידי שיינגאָלד און סעם אויערבאַך פון ניו־יאָרק
יאָזעף שערמאַן פון לאָנדאָן

האָב איך געבראַכט אין יאָר 1927 פאַרן טעאַטער „אָלימפּאַ"
אין בוענאָס־איירעס



ערשטע ריי: מאַרסעלאַ ווייס, יאָזעף שערמאַן, סאַראַ סילוואַ, אַדאָלף מידע, סיידי שיינגאָלד, סעם אויערבאַך, קאַרלאָס פּידעלמאַן, מילי ציפּקוס, ראָזאַ לאַקס, נאַום גלאַזונאָוו, אברהם און סאָניע גאָלובטשיק, ליזאַ כאַווינאַ, נאַום פּעק, סאַמועל קערצער, משה ליבערמאַן, פרידאַ זאַגאַר, יאַשאַ פישערמאַן, סאָפיאַ ביי, עפּשטיין, כאָר, מוזיקער און איסיי ווינשטיין.

„יאָשע קאַלב” אין טעאַטער „קאָליסעאָ” מיט **מאָריס שוואַרץ**, לאַזאַר פריד, יהודית אבאַרבאַנעל, טשאַרלאָט גאָלדשטיין, בנציון כץ, מיט 30 אַקטיאָרן און **קלאַראַ פרידמאַן** אַלס צביה



אַ סצענע פון „יאָשע קאַלב” אויף דער גרויסער „קאָליסעאָ”-בינע. דער גאַנצער אַנסאַמבל צוזאַמען מיט די סטאַרס. אין דער מיט, אונטער דער חופה, קלאַראַ פרידמאַן און לאַזאַר פריד

# „יאָשע קאַלב“ אין קאָליסעאָ



מאָריס שוואַרץ

מיין גרויסער
פאַרמעסט
אין
ב. איירעס
1933
צוזאַמען
מיט
מאָרים
שוואַרץ



א. מידע



יאָשע קאַלב און צביה
לאַזאַר פריד און קלאַרא פרידמאַן



צביה
אינטערפּרעטירט פון קלאַרא
פרידמאַן

# כ׳זוך „סטארס״ פאר בוענאס איירעס

קענענדיק דעם אייראפעאיש-יידישן טעאטער פון מיין אקטואציע אלס אקטיאר און אדמיניסטראטאר אין פוילן, רוסלאנד, גאליציע, בראזיל און ארגענטינע, בין איך געווען צופרידן וואס ס׳איז מיר אויסגעקומען צו פארן קיין ניו־יארק, כדי זיך דארט פערזענלעך צו באקענען מיט דער יידישער אקטיארן־משפחה.

לויט די גרוסן פון די יידישע צייטונגען און פון די פערזענליכע ידיעות פון אקטיארן, וועלכע זענען געקומען פון צפון־אמעריקע, האב איך געוווּסט א סך וועגן די אמאליקע ארטיסטע טעאטער־גדולים, אזעלכע ווי: דוד קעסלער, יעקב פ. אדלער, זיגמונט מאגולעסקא, מארים מאשקאוויטש, בערטא קאליש, קעני ליפצין, טארענבערג, פיינמאן א״א. ס׳האט מיך דעריבער געלאקט זיך צו באקענען מיטן איצטיקן דור יידישע קינסטלער אין נארד־אמעריקע.

אנקומענדיק קיין ניו־יארק האב איך דעריבער גענומען זוכן זיך צו באגעגענען מיט אמאליקע אייראפעאישע פריינט און חברים, וועלכע זאלן מיר העלפן דערגרייכן מיין ציל.

א צופאל האט מיר טאקע צוגעשיקט באלד צומארגנס נאך מיין אנקומען אין די פאראייניקטע שטאטן און מיר אונטערגערוקט דעם געזוכטן פריינט.

אריינקומענדיק אין דער נעשאנעל־באנק אויף דעלענסי־סטריט איינע פון די וויכטיקסטע ניו־יארקער קאמערציעלע גאסן, הער איך ווי פון איינעם פון די באנק־פענצטערלעך באגריסט מיך עמעצער.

איך קוק זיך ארום און זע, אז פון איינעם פון די פענצטערלעך באגריסט מיך א מענטש מיט פרייד און ווענדט זיך צו מיר, נאך דעם ווי ער האט געזען אז איך האב אים באמערקט:

— ווען ביסטו געקומען, אברהמעלע?

כ'בין געבליבן איבערראשט און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— דו הייסט אברהמעלע מידע? דיין ברודער הייסט משה? דיין שוועסטער חיהלע? — שיסט ער ווייטער מיט זיינע פראַגן.

— יאָ, — ענטפער איך — אָבער ווער זענט איר? איר קומט מיר פאַר באַקאַנט, אָבער איך קען זיך נישט דערמאָנען — שטאַמל איך.

ביים אָפענעם פענצטער האָט זיך דערווייל אָנגעזאַמלט א היפּשער עולם, יידן און נישט־יידן, און געקוקט מיט נייגעריקייט אויף דער דאָזיקער סצענע. איינער רוימט מיר איין אין אויער: דאָס איז דער „מענעדזשער" פון באַנק.

איך וויל זיך דערמאָנען. ווער קען עס זיין? קיין אַקטיאָר איז עס נישט. מ'האָט דאָך מיר נאָר־וואָס געזאָגט „דער מענעדזשער פון באַנק". אפשר איז עס איינער וואָס איז צוזאַמען מיט מיר געווען אין דער מלחמה?

אָט די בליץ־געדאַנקען זענען מיר דורכגעפלויגן אין דעם מאָמענט.

דער הער איז אַרויסגעקומען פון הינטערן ווענטל, האָט מיך היימישלעך גענומען אונטערן אָרעם, איינלאַדנדיק מיך אין דער דערבייאיקער קאָנפּיטעריע נעבן דער באַנק, און דאָרט זעצט ער פאָר זיינע רייד:

— כ'ווייס, אברהמעלע, אז דו ביסט געווען אין מלחמה, א סאָלדאַט אויפן פראָנט, אויך אז דו ביסט געווען אין געפאַנגענשאַפט; אז דו ביסט א יידישער אַקטיאָר.

— אָבער ווער זענט איר? — פרעג איך שוין א ביסל מער צודרינגלעך און אומגעדולדיק.

— דערקענסט מיך טאַקע נישט, האַ? איך בין דיין אַמאָליקער חבר יאַנקעלע ווערטהיים! געדענקסט מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין ליובאַווויטשער חדר אויף דער דזשעלנע גאַס אין וואַרשע!

ווי אין קאַשמאַר האָב איך געהערט זיינע ווערטער. יאַנקעלע ווערטהיים! א קליין שוואַרץ באַחנט יינגעלע פון 9 יאָר, אין מיינע יאָרן טאַקע. שפּעטער, צו זיין בר־מצווה, האָט מען געפּראַוועט זיין יום־טוב פאַר אים אויף דער גאַס דזשיקע 21, און מיין בר־מצווה־יום־טוב אויף קופּיעצקע 16. מיך האָט דער טאַטע שפּעטער געשיקט קיין סראָצק, כ'זאָל דאָרט לער־

נען און אפשר ווערן אמאָל א רב... ער, יאַנקעלע, איז געגאַנגען אין די גוייִשע שקאָלעס... מער האָבן מיר זיך נישט באַגעגנט.
1914, געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי די עסטרייכער. נאָך יאָרן באַגעג־נען מיר זיך אין ניו־יאָרק. ער — אַלס בערעמטע פון דער געשאַנעל באַנק, און איך — אַלס וואַנדערנדיקער יידישער אַקטיאָר.
ער האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין פאַרטראַכטקייט מיט דער פראַגע:
— אברהמעלע, וואָס טוסטו איצט אין אַמעריקע.
כ'האָב אים דערקלערט, אז כ'בין איצט נאָר־וואָס געקומען פון אַר־גענטינע, ווו כ'בין א טעאַטער־מענטש, און אין ניו־יאָרק וויל איך זיך באַקענען מיטן היגן טעאַטער און אפשר מאַכן געשעפט מיט אַריבער־נעמען אַקטיאָרן.

***

אין דער יידישער אַקטיאָרן־יוניע אויף דער 7־טער סטריט איז תמיד געווען פריילעך. אַקטיאָרן האָבן געשפּילט אין פּינאָקל (קאָרטן); הײמי דזשייקאָבסאָן האָט אינעם טעאַטער־זאָל פון קלוב געשפּילט אויף פּיאַנאָ; אַקטיאָרן האָבן צוגעהאָלפן מיט געזאַנג; גוסקין, דער מענעדזשער פון דער יוניע איז תמיד געווען „ביזי" פאַרנומען ביז איבערן קאָפּ. א קלייניקייט פאַרזאָרגן אזוי פיל טעאַטערן אין שטאָט און אויך אויף דער פּראָווינץ!
איבערראַשט איז געוואָרן באָרים אויערבאַך ווען ער האָט מיך דער־זען אַריינקומען אינעם אַקטיאָרן־קלוב. ער האָט מיר גלייך פאַרגעלייגט צוזאַמענשטעלן א טרופּע פאַר אַרגענטינע. מיר האָבן זיך געקענט פון בוענאָס־איירעס. דאָרט האָט ער גאַסטראָלירט אין טעאַטער „אָלימפּאָ" אין 1922 ־ 1923 צוזאַמען מיט דער באַרימטער יידישער קינסטלערין מאַלווי־נא לאָבעל. אונטער דער עמפּרעסע „מידע־פעלץ־גלאַזונאָוו".
באָרים אויערבאַך — א שיינע טעאַטער־פיגור. מ'האָט געגלויבט, אז ער וואַקסט א שטיק גאָלדענבורג. ער פלעגט נאָכקאָפּירן גאָלדענבורגס „סאַנין" און „די טעג פון אונדזער לעבן". ער איז געווען א פאַרליבטער אין אַרגענטינע.
דערזעענדיק מיך אין דער „יוניע", האָט זיך דערוועקט אין אים דער חשק און איך האָב אים געמוזט אָפּקילן זיין ענטוזיאַזם, דערקלערנדיק אים, אז איצט איז אין אַרגענטינע שטאַרק היים; ס'איז זומער, אז מיר

וועלן נאָך דערפון רעדן. כ׳בין דאָך געקומען אהער, האָב איך אים פאַר־זיכערט, זען וועמען מ׳קען אנגאזשירן.

אין יאָר 1924 האָט ניו־יאָרק געהאַט עלף יידישע טעאַטערס: טעאַטער; סעקאָנד עוועניו־טעאַטער; נעשאַנאַל טעאַטער; פּיפּלס טעאַטער; לענקאָס טעאַטער; גראַנד טעאַטער; פּראָספּעקט־טעאַטער אין די בראָנקס; דריי טעאַטערן אין ברוקלין־בראָנזוויל: „ליבערטע״, „ליריק״, און האָפּקינסאָן.

דער גורל האָט געוואָלט כ׳זאָל צוועלעם ערשטן באַזוכן דעם קונסט־טעאַטער, זען מאָריס שווארצן מיט זיין טרופּע. די לעגענדעס, וואָס מ׳האָט געוועבט אין אויסלאַנד ארום מאָריס שווארצן, האָבן מיך געהאַלטן גע־שפּאַנט. כ׳האָב נאָך דעמאָלט אפילו נישט געחלומט, אז ס׳קען זיין א מעג־לעכקייט אים צו ברענגען קיין ארגענטינע. שווארץ, אלס שבתי־צבי אין זשולאַווסקיס פּיעסע, האָט מיר געמאַכט גלייבן אין משיחן. ער האָט מיך פאַרכישופט מיט זיין דערשיינען אויף דער בינע מיט די מאַסן־סצע־נעס — אלץ האָט ארויסגערופן א יראת־הכבוד צו אים און געמאַכט דעם געהעריקן רושם אויפן צושויער.

***

יעווריעינאָווס „די הויפּטזאַך״ („דער עיקר״) בין איך אוועק זען אין „אוירווינג פּליים טעאַטער״ אויף דער 13־טער סטריט. עס האָט געהייסן, אז נאָך מאָריס שווארצס קונסט־טעאַטער איז דאָס אויך א קונסט־טעאַטער.

דער הויפּט־דאַליסט, דער סטאַר, האָט זיך באַוויזן נישט פון דער בינע, נאָר פון זאַל, ביים פולן ליכט, כמעט דער גאַנצער עולם אין טע־אַטער האָט זיך אויפגעשטעלט און אים שטאַרק אַפּלאָדירט. ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א הערלעכע פיגור. אויפן קאָפּ א צילינדער, אָנגעטון איז ער געווען אין א גרויסער שווארצער פּעלערינע מיט א רויטן אונטער־שלאָג, פאַרוואָרפן אלא „מעפיסטאָ״. זיין פּנים איז געווען פול מיט חן, געהאַט לאַכנדיקע, לעבעדיקע אויגן, וואָס האָבן געוווּנקען צו די מענער פּונקט ווי צו די פרויען. מיין באַגלייטער האָט מיר איינגערוימט: דאָס איז סיאָמע גאָלדענבורג.

כ׳האָב באַלד פאַרשטאַנען, אז דאָס מוז זיין דער גלאַוונער מאַכער...

מיך האָט אָבער מער פאַראינטערעסירט יעוורעינאָווס פּיעסע. כ'האָב זיך געמאַכט באַקוועמער אויפן בענקל כדי אויפצונעמען „די הויפּטזאַך".

צווישן אַלע ראַליסטן טאַקע אין דער זעלבער פּיעסע האָט זיך אויסגעטיילט אין אַ דריטראַנגיקער ראָל אַ טשינאָווניק וואָס האָט אינטערפּרעטירט זיין ראָל אַביסל האַלב־שיכורלעך.

כ'האָב מיין באַגלייער געפרעגט אויף דעם אַקטיאָר וואָס שפּילט דעם טשינאָווניק, ווער ער איז און ווי ער הייסט.

— דעם אַקטיאָר רופט מען מוני ווייזענפריינט, — איז געקומען אַ גלייכגילטיקער ענטפער.

— ער געפעלט מיר! — האָב איך ווי גערעדט פאַר זיך.



פּאָול מוני

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָב איך מוני ווייזענפריינטן געזען שפּילן די ראָל פון נעם אַלטן פּולקאָווניק אין אַנדרייעווס „די 7 געהאָנגענע"; אויך אַ דריטראַנגיקע ראָל, אָבער ער האָט מיך געמאַכט גלויבן...

כ'האָב דעמאָלט אויערבאַכן געזאָגט, אַז אָט דער יונגערמאַן וועט זיין אַ גרויסער קינסטלער.

זיין שפּילן די רוסישע טיפּן: דעם שיכורן טשינאָווניק אין „די „הויפּטזאַך", און דעם פּולקאָווניק אין „די 7 געהאָנגענע" האָט מיך איבערראַשט. (מוני ווייזענפריינט איז דער היינט־באַרימטער פּאָול מוני).

***

אין ניו־יאָרק האָב איך יעדן טאָג געהאַט נייע סורפּריזן, איבערראַשונגען און באַגעגענישן. אָבער איך האָב פונדעסטוועגן געבענקט נאָך בוענאָס־איירעס.

כ'האָב געמאַכט אַ שפּאַציר מיט דער בוענאָס־איירעסער באַקאַנטער אַרטיסטין בערטאַ גוטענטאַג איבער דער ווילאַמסבורגער בריק (זי וווינט שוין אַ סך יאָרן אין ניו־יאָרק). ס'איז אַ שפּאַציר־גאַנג פון ניו־יאָרק קיין ברוקלין.

אויפֿן וועג האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ חבר פֿון וואַרשע.
מיר זענען ביידע געוואָרן איבערראַשט פֿונעם צוזאַמענטרעף.
איך פֿרעג אים:
— פֿון וואַנען קומסטו קיין ניו־יאָרק?
און ער ענטפֿערט מיר:
— געדענקסט, מידע, ווען כ׳האָב דיך באַגלייט אויפֿן וואַרשעווער
ווינער וואָקזאַל צו פֿאָרן קיין בוענאָס־איירעס? ווי קומסטו אַהער?
מיר דערפֿרייען זיך איינער מיטן צווייטן. מיר פֿרעגן זיך אויס: וואָס
טוט דער? וואָס מאַכט יענער? אַ פֿראַגע אַהין, אַ פֿראַגע אַהער — פּלוצעם
דערמאָן איך זיך:
— צי קענסטו מיר אפֿשר זאָגן, אויב דו געדענקסט הענטשעלען פֿון
דער פּאַווע גאַס? זי האָט געהאַט עטלעכע שוועסטער און איז געווען
אַ קראַוואַטן־מאַכערקע. געווען אַ סימפּאַטיש ברונעט מיידעלע און פֿלעגט
זינגען שיינע יידישע פֿאָלקס־לידער, אַזעלכע ווי „די גאָלדענע פּאַווע",
„מאַרגאַריטקעלעך" או"וו. כ׳האָב מיט איר אַמאָל ראָמאַנסירט. מ׳האָט
מיר געזאָגט, אַז זי איז אין ניו־יאָרק.
מיין פֿריינט, ווי אויך די אַרטיסטין בערטאַ גוטענטאַג, האָבן מיך
געלאָזט אויסרעדן. ווי עס ווייזט אויס, האָב איך גערעדט מיט עקסטאַז,
אין איין אָטעם, אפֿנים אונטער דער ווירקונג פֿון דער אַמאָליקער, יונגער,
ראָמאַנטישער צייט.
— הענטשעלע זלאָטאָברוד? — פֿרעגט מיין חבר איבער. — ס׳איז
דאָך מיין שוועגערין.
כ׳בין געבליבן אָן לשון.
— דיין שוועגערין? ווי אַזוי?
— זי האָט חתונה געהאַט מיט מיין ברודער. זיי וווינען אין ברייטן
ביטש (אַ דאַטשע־געגנט אין ניו־יאָרק). איך אַרבעט טאַקע ביי מיין ברו־
דער אין פֿאַבריק.
כ׳האָב געפֿילט ווי דאָס גאַנצע פּנים איז מיר פֿאַרפֿלאַמט געוואָרן.
— גיב מיר דעם אַדרעס, דעם טעלעפֿאָן־נומער, — בעט איך זיך
ביי אים.
אָט איז מיין קאַרטל מיטן אַדרעס. איך פֿאָר טאַקע איצט צו זיי.
אָנקומענדיק מיט בערטאַ גוטענטאַג צוריק קיין ניו־יאָרק, בין איך

אין איילעניש אַריין אין סעקאָנד־עוועניו־טעאַטער, כדי פון דאָרט צו רעדן טעלעפאָניש צו די זיסע חלומות פון מיינע קינדער־יאָרן.

מיט אַ האַרץ־קלאַפּעניש האָב איך גערופן אין טעלעפאָן, זיך דער־מאָנענדיק בעת־מעשה אינעם זיסן שמייכל פונעם 17־יאָריקן מיידעלע, אינעם קלינגענדיקן שטימעלע ווי אַ גלעקעלע. כ׳האָב געפילט ווי רופנדיק דורכן טעלעפאָן קלאַפּט ביי מיר שטאַרק דאָס האַרץ און דאָס פּנים רויטלט זיך.

— אברהמעלע! — האָט אַ שטימע זיך גלייך אָנגערופן דורכן טע־לעפאָן — וווּ ביסטו? כ׳וועל דיך קומען נעמען.

— הענטשעלע! — האָב איך אויסגערופן... כ׳בין ביים אַריינגאַנג פון סעקאָנד־עוועניו־טעאַטער.

— כ׳קום באַלד! — איז געווען אַ קורצער ענטפער.

דער שוואָגער אירער, מיין חבר, האָט, קומענדיק אַהיים, איר דער־ציילט, אַז איך בין אין ניו־יאָרק. און הערנדיק דעם טעלעפאָן־רוף, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס בין איך.

נעבן קאַפע־הויז ביים סעקאָנד־עוועניו־טעאַטער זענען תמיד פאַראַן גרופּקעלעך אַקטיאָרן אָדער טעאַטער־פּאַטריאָטן. מיר האָבן געשמועסט וועגן די צופאַלן און באַגעגענישן אין דעם גרויסן ניו־יאָרק. אַ באַרג מיט אַ באַרג באַגעגענען זיך נישט, אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטש קען זיך צונויפטרעפן. די טעאַטער־מענטשן נעבן קאַפע־הויז זענען איבערגעראַשט געוואָרן ווען פאַר אונדזערע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ לוקסוסדיקער, לאַנגער אויטאָמאָביל מיט אַ שאָפער און אַ יונגע עלעגאַנטע דאַמע האָט פון אינעווייניק מיט אַ פריידיקן אויסגעשריי „אברהמעלע" מיך אַרומגע־כאַפּט און אַריינגעצויגן אינעם קאַטש, וועלכער איז גלייך מיט אונדז אַוועק. כ׳האָב אַפילו נישט באַוויזן זיך צו געזעגענען מיט די באַקאַנטע אַקטיאָרן, וועלכע זענען געווען עדות פון דער סצענע.

***

באַטראַכטנדיק די ערנסטע פאַרזאָרגטע פּנימער, האָט זיך מיר אויס־געוויזן, אַז די ניו־יאָרקער האָבן גאָרנישט קיין צייט צו פאַרגינען זיך אַ ביסל פרייד, צו באַזוכן אַמאָל אַ טעאַטער אָדער אַ קינאָ.

ווען כ׳בין איינמאָל אין אַ שווערער שטימונג אַריינגעקומען אינעם

פיפלס טעאטער, ווו ס'האָבן געקיניגט מאַקס געביל מיט דזשעני גאָלד־שטיין, האָב איך אַ פרעג געטון דעם „מענעדזשער" פון טעאַטער פאַרוואָס די ווענט זענען אַזעלכע פינצטערע און נאַסע, האָט ער מיר געענטפערט:

— די ווענט זענען פאַרגאָסן מיט טרערן פון דזשעני גאָלדשטיינס שפּילן.

ס'דאַרף זיין עפּעס אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די ערנסטע און פאַר־זאָרגטע פּנימער פונעם עולם מיט מאַקס געבילס מעלאָדראַמעס. נישט אומזיסט האָט די פּיעסע „דער גרויסער מאָמענט" געבראַכט אַזעלכע גרויסע איינגאַ־מעס דעמאָלט אין פּיפּלס טעאַטער.


דזשעני גאָלדשטיין

*
**

קיין באַזונדערן אימפּאָזאַנטן איינ־דרוק האָט אויף מיר דער קאַפע „ראָיאַל", ווו די אַקטיאָרן און אַ טייל שרייבער פּלעגן זיך צונויפקומען, נישט געמאַכט. פון צייט צו צייט פּלעגט צוקומען צום קאַפע־הויז אַן אויטאָ און אינעווייניק אַן עלטערער הער מיט אַ בלאַנק־ווייסן קאָפּ, ער פּלעגט בלייבן זיבן אין קאַטש און אַקטיאָרן פּלעגן צו־קומען און אים באַגריסן. דאָס איז געווען יעקב פּ. אַדלער.

די אַקטריסע, כמעט מיטליעריקע און על־טערע, זענען געזעסן אַרום די טישלעך און פריילעך געלאַכט, דערציילנדיק עפּיזאָדן פונעם אַמאָליקן יידישן טעאַ־טער אין רומעניע, אין רוסלאַנד און פּוילן. מ'האָט געהערט דערמאָ־נען די נעמען שאַראַוונער, זשיטאָמירסקי, שטשערבאַקאָוו, גימפּל, דאָס רוב אַקטיאָרן זענען אַלע געווען געקומענע פון אייראָפּע.

די אַקטיאָרן, די מענער, הייסט עס, האָבן פאַרבראַכט אין דער אַק־טיאָרן „יוניע" און געשפּילט אין קאָרטן, בעת די פרויען זענען געזעסן אין קאַפע „ראָיאַל"!

גאָר עלעגאַנט האָט דאָס קאַפע־הויז נישט אויסגעזען, אַז ס'זאָל שטאַרק רופן די אויפמערקזאַמקייט. דער שטענדיקער טומל אויפ'ן גאַס,

דאָס איילן און יאָגן זיך און דאָס קיינמאָל נישט האָבן קיין צייט, האָט מיך געמוזט דערמאָנען אין דער געמיטלעכקייט פון אַרגענטינע.

***

אין איינעם פון די הויפּט־טעאַטערן אויף עווענין, „סעקאָנד עווענין", ווו עס האָט געשפּילט די נישט־יידישע דייטשקע דזשעני וואַליער אַלס סטאַר, האָבן אַלע שוישפּילער גערעדט יידיש, נאָר זי גופא האָט פאַבריצירט אַ לשון וואָס איז געווען אַ געמישעכץ פון דייטש מיט יידיש. ס'האָט מיך טאַקע געוואונדערט: אַזוי געפאַלן איז דאָס יידישע טעאַטער, אַז מ'דאַרף זוכן אַ דייטשקע עס צו ראַטעווען!...

דער באַלעבאָס פונעם טעאַטער איז געווען דער אַלטער אונטערנעמער יאָסל עדעלשטיין, אַ מחותן פון די טאָמאַשעווסקיס. די דייטשקע האָט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק געוואָרפן עדעלשטיינען דעם גט פאַר דער נאָז, ביז ס'איז אויסגעבראָכן צווישן ביידע אַ קאָנפליקט.

צו דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען מאַלי פּיקאָן מיט איר מאַן יעקב קאַליך פון אייראָפּע.



מאַלי פּיקאָן

מאַלי פּיקאָן האָט מען אינגאַנצן נישט געקענט אין אַמעריקע טראָץ דעם וואָס איר נאָמען האָט געקלונגען איבער רומעניע, פּוילן און פראַנקרייך.

יעקב קאַליך, אַלס פּיפּיקער ביזנעס־מאַן, האָט אויסגענוצט דעם ברוגז צווישן דער דייטשקע דזשעני וואַליער מיטן אונטערנעמער יאָסל עדעלשטיין און האָט איבערגענומען דעם סעקאָנד עווענין־טעאַטער.

מאַלי פּיקאָן האָט דעבוטירט אין דער אָפּערעטע „יאַנקעלע" מיט אַן אומגעהויערן דערפאָלג. איך אַליין האָב, זייענדיק אַן אָפּטער גאַסט אין טעאַטער, געזען די פּיעסע אַ סך מאָל, און מאַלי האָט מיר אַמאָל אַ זאָג געטון:

— דאַכט זיך מיר, אַז איר קאָפּירט די פאָרשטעלונג פאַר אַרגענ־

טינע. (כ'האָב טאַקע די פּיעסע געשטעלט אין בוענאָס־אײרעסער טעאַטער „אַמבו" אין יאָר 1928).

דער צווייטער טעאַטער אַנטקעגן דעם „סעקאָנד עוועניו" איז דער „נעשאָנעל טעאַטער". דאָרט האָבן געקיניגט לעאָן בלאַנק, אהרן לעבעדיעוו און סאַמועל ראָזענשטיין מיט אָפּערעטן.

בלאַנק האָט געהאַט זיין עולם. זיין רעפּערטואַר איז געווען אַ מעלאָדראַמאַטישער. ער האָט אויפגעפירט אַזעלכע פּיעסן ווי „דער וואַטשמאַן" („דער שומר"), „2 חברים", געגומען פונעם וואַגאַבונדישן לעבן אין אַמעריקע, און ער האָט ארויסגערופן אַ טרער ביים עולם. לעאָן בלאַנק האָט געשפּילט שטאַרק ספּאַזמאַטיש, מיט איבערצייגונג. כ'האָב געטראַכט אַז ער קען זיין אַ גוטע אַטראַקציע פאַר בוענאָס־אײרעס.



לעאָן בלאַנק



אהרן לעבעדיעוו

די אָפּערעטן־סטאַרס פון דער טרופּע, לעבעדיעוו און ראָזענשטיין, האָבן אימפּאָנירט מיט זייער הלבשה, מיט די שטימען און מיט די שיינע עלעגאַנטע פיגורן. כ'בין געווען אַן אָפטער גאַסט אין „סעקאָנד עוועניו" און אין „נעשאָנעל", ווייל מיינע פריינט לאַזאַר פריד און באָרים אויערבאַך האָבן דאָרט אַקטואירט.

פאַרוואונדערונג האָט ביי מיר ארויסגערופן דער „לענאָקס"־טעאַטער

אין האַרלעם. דאָרט האָבן געבאַלעבאַטעוועט די שוואַרצע גאָלדבערג און דזשייקאָבס (נישט דזשייקאָבסאָן). דער טעאַטער איז איינגעשטאַנען אין אַ געגנט פון שוואַרצע (נעגערס). מ׳האָט טאַקע מורא געהאַט ביינאַכט צו גיין אין טעאַטער. אָבער יידן זענען פונדעסטוועגן געקומען. די נעגערס האָבן געלעבט אין גוטער שכנהשאַפט מיט די יידן.

ווי מ׳האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, זענען די יידן רייכער געוואָרן און האָבן איבערגעלאָזט די נעגערס אַליין צוזאַמען מיטן טעאַטער, און פאַרלאָזט די געגנט.

פון די 3 טעאַטערן אין ברוקלין: „לירִיק", ליבערטי" און „האָפּ־קינסאָן", האָט דאָס דריטע טעאַטער מיר דערמאָנט די טעאַטערס פון די אָרעמע פּוילישע פּראָווינץ־שטעט.

דאָרט האָב איך געזען יידענעס מיט שייטלען און עלטערע יידן מיט קוישן בייגל צום פאַרקויפן. עס האָט געהערשט אַ שטענדיקער טומל נעבן דעם אַריינגאַנג אין טעאַטער.

די 2 אַווענידאַס האָפּקינסאָן און פּיטקין־עוועניו האָבן געזשומעט מיט געזאַנגען פון יידישע „רעקאָרדס" (דיסקאָס) און מיט די שטימען פון די יידישע דורכגייער נעבן דעם טעאַטער.

אַ גאַנץ נישקשהדיקער זאַל, אָבער דער בופעט מיט עסן און נאַשע־רייען אין זאַל גופא האָט נישט אָנגעוויזן אויף קיין עסטעטישן געשמאַק, אַז ס׳זאָל מאַכן אַן איינדרוק פון אַ קונסט־טעמפּל...

די עטלעכע געגנט־טעאַטערס אין סאַמע האַרץ פון דער ריזן־שטאָט ניו־יאָרק האָבן נישט געמינערט אין מיינע אויגן דעם גרויסן ווערט פון זייערע שוישפּילער אין פאַרגלייך צו די צענטער־טעאַטערס.

די אַקטיאָרן האָבן געגעבן דאָס בעסטע, אַז די באַזוכער זאָלן זיין צופרידן, זיי האָבן געשפּילט מיט ליבע און מיט אַן ערנסטער באַציאונג אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט. איך האָב תמיד געהאַט אַ גוטע מיי־נונג וועגן די יידישע שוישפּילער פון אַמעריקע, אַז זיי טוען דאָס בעסטע און נאַרן נישט אָפּ. דער עיקר איז נישט וואָס זיי שפּילן, נאָר ווי אַזוי זיי שפּילן.

און אָט די מיינונג האָב איך באַשטעטיקט דורך מיין פּערזענלעכער באַאָבאַכטונג אויפן אָרט גופא, אין ניו־יאָרק אין די דאָרטיקע יידישע טעאַטערס.

(יאָר 1924)

# אַ באַגעגעניש מיטן באַרימטן דראַמאַטורג
# אָסיפּ דימאָוו

## אין אַ רוסישער קרעטשמע אין ניו־יאָרק

בעת מיין באַזוך אין ניו־יאָרק אין יאָר 1924 האָב איך געהאַט אינטערעסאַנטע באַגעגענישן מיט שוישפּילער, וועלכע כ׳האָב געקענט נאָך פונעם אַמאָליקן רוסלאַנד, מיט חדר־חברים פונעם וואַרשעווער „שוואַרצן געסל" און מיט יידישע שריפטשטעלער, קוריאָזע צוזאַמענטרעפן.



אָסיפּ דימאָוו

דער שוישפּילער באָרים אויערבאַך, אַ פריינט מיינער, האָט זיך תמיד באַמיט מיר אַרויסצוהעלפן אינעם גרויסן, טומלדיקן ניו־יאָרקער קעסל.

אין איינעם אַן אָוונט האָט ער מיך איינגעלאַדן אינעם רעסטאָראַן „רוסקאיא דערעווניא".

— קום, — האָט ער מיר געזאָגט — דאָרט קען מען עסן אַ „שאַשליק", אַן אוקראַינער באָרשטש און אַנדערע גוטע מאכלים, וואָס דערמאָנען אין דער „מאַטושקאַ ראָסיאַ".

כ׳האָב אָנגענומען זיין איינלאַדונג.

אַריינקומענדיג אינעם רעסטאָראַן, האָב איך גלייך דערפילט, אַז די אַטמאָספער איז אַ ראָמאַנטישע, מיט שטימונגען. די ליכט — נישט קיין שטאַרקע, ווי מ׳זאָגט אַ מאַטע, און די באַגריסונגען צווישן זיך אויף דער רוסישער שפּראַך האָבן מיך

דערמאָנט אין דער צייט, ווען כ׳בין אַמאָל געווען אַ סאָלדאַט (געדינט ביי פּאָניען).

מאַכנדיק זיך באַקוועם, זאָגט מיר אויערבאַך:

— קוק זיך גוט צו צו די פּנימער פון דער געזעלשאַפט. דער אַלטער מיטן ווייסן קאָפּ און גרויסע וואָנצעס, דאָס איז אַ געוועזענער רוסישער גענעראַל, אַן אַנטלאָפענער פון דער רעוואָלוציע. דאָס פּאָרל, וואָס זיצט אַנטקעגן אונדז, זענען אַנטלאָפענע פון קיעוו. דאַכט זיך יידישע פּנימער. דאָרט אינעם ווינקל זיצט אַ גרופּע רוסישע שריפטשטעלער, אַלע „געוועזענע" אָנהענגער פונעם צאַרישן רעזשים.

— הייסט דאָס, אַז דאָ איז אַ נעסט פון ווייסע, פון פּאָגראָמשטשיקעס? — פרעג איך גאַנץ נאַאיוו.

— ניין, ניין — פאַרזיכערט ער מיר — אַהער קומען אַלערליי מענטשן, מערסטנטייל סלאַווישע מענטשן. דער באַלעבאָס פון דער „דע־רעווניא" איז אַ יעקאַטערינאָסלאַווער ייד. אַ סך יידישע אַקטיאָרן געדענקען אים נאָך פון דאָרט. אַהער קומען אַ סך יידישע שרייבער, אַקטיאָרן, מוזיקער, ווייל די סביבה איז אַן אָנגענעמע. מ׳רעדט אויף רוסיש, אוקראַיניש און אויך אַ סך יידיש. קוק, ס׳איז נאָר וואָס אַריינגעקומען אָסיפּ דימאָוו, ווייסט דאָך, ווער ס׳איז אָסיפּ דימאָוו.

געוויס, אַ שיינע פראַגע שטעלסטו מיר. כ׳האָב געשפּילט אַ סך פון זיינע פּיעסן, אַזעלכע ווי „דער אייביקער וואַנדערער" („וויעטשני סטראַנניק"), „יאַשקע מוזיקאַנט", „די לעצטע געליבטע" און „שמע ישראל" („סלושאַי איזראַיל"). אָבער איך האָב זיך אים פאַרגעשטעלט אַ סך אַן עלטערן ווי ער זעט אויס, שוין אַזוי פיל יאָרן ווי כ׳הער זיין נאָמען. באָרים, אפשר קענסטו אים איינלאַדן צו אונדזער טישל! ס׳וועט זיין פאַר מיר אַ כבוד און אַ פרייד זיך צו באַקענען מיט אים.

אויערבאַך האָט געמאַכט אַזוי, אַז אָסיפּ דימאָוו זאָל אונדז זען און זיך דערנענטערן צו אונדזער טישל.

איך האָב באַוווּנדערט זיין יונגגנטלעכן אויסזען. דימאָוו האָט גע־שמייכלט און צוגעגעבן, אַז אַ סך האָבן געמאַכט אַ טעות, מיינענדיק, אַז ער איז אַלט אַ פּאָר הונדערט יאָר...

מיר האָבן געשמועסט וועגן טעאַטער אין אַלגעמיין. ווען ס׳איז גע־

קומען צום ענין רעפערטואַר, האָב איך אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז שוין פון לאַנג ווי כ'האָב אַ שטיקל אויסזעצונג קעגן אַ געוויסן דיאַלאָג פון זיינער אַ פּיעסע, איך מיין דעם באַרימטן מאָנאָלאָג פון ר' אהרן שיפער אין „שמע ישראל" מכוח „קדיש", דאָרט דערקלערט אהרן שיפער דעם יונגנמאַן יעקב ענמאַן:

איר האָט פאַרגעסן אייער מוטער־שפּראַך? קדיש, דאָס איז אַ תפילה וואָס דער זון זאָגט נאָך זיינע עלטערן יעדן טאָג. מיר, יידן, רופן אונדזער איינציקן זון אויך „קדיש". אונדזערע זין, דאָס זענען אונדזערע תפילות. אונדזערע תפילות צו מזרח, פון וואַנען ס'גייט־אויף די זון. ביי די געצנדינער פלעגט מען אָנצינדן אַ פייער, וועלכעס פלעגט ברענען אין טעמפּלען און וועלכעס מ'פלעגט אונטערהאַלטן, אַז ס'זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן. ביי יידן איז אויך פאַראַן אַזאַ פייער, דאָס איז די תפילה „קדיש". מיין פאָטער האָט איר איבער־גענומען פון מיין זיידן, איך האָב איר געזאָגט אויף מיין פאָטערס קבר, און איבער מיר, האָט דאָס באַדאַרפט זאָגן מיין זון. „קדיש", דאָס איז נישט קיין תפילה פון טויט, ניין, דאָס איז אַ תפילה פון ווידעראויפלעבונג.

כ'בין אריין אין עקסטאַז און האָב אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן היפּשן מאָנאָלאָג וועגן די באַדייטונג פון קדיש. אָסיפּ דימאָוו האָט שווייגנדיק מיט פאַרוווּנדערונג מיך אָנגעקוקט. ביי ענדע פון מאָנאָלאָג האָט ער אַ זאָג געטון:

— ווי פיין איר געדענקט די ראָל פון אויסנווייניק!

— מר. דימאָוו, כ'האָב אַ סך, גאָר אַ סך מאָל געשפּילט „שמע ישראל" טאַקע די ראָל פון אהרן שיפער, אין רוסלאַנד, פּוילן און אין אַרגענטינע.

— איז וואָס איז פאַר אייך נישט קלאָר אינעם דיאַלאָג צווישן יעקבן מיט אהרנען, מר. אַדאָלף מידע?

— דער מאָנאָלאָג פון אהרן שיפער איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער, אַ סך אָפּלאָזן האָב איך דערביי באַקומען. אָבער... מר. אָסיפּ דימאָוו, יעקב ענמאַן און אהרן שיפער זענען 2 יידן. האָט איר שוין געהערט אָדער

געזען, אַז אַ ייִד זאָל נישט וויסן וואָס ס'איז קדיש? יעקב ענמאַן פרעגט אהרן שיפּער וואָס דאָס איז אַזוינס קדיש. איז דען אַזאַ זאַך מעגלעך? איז דען אַזאַ פראַגע פון איין יידן צום צווייטן אויפן פּלאַץ?

אַ ווײַלע האָבן מיר אַלע דרײַ געשוויגן.

דימאָוו איז געוואָרן ערנסט און געזאָגט:

— איר זענט גערעכט, מר. מידע, דער איבערזעצער פון דער פּיעסע אויף אידיש איז שולדיק. כ'וויל איר זאָלט פאַרשטיין; די פּיעסע, ווי אַלע אַנדערע, האָב איך געשריבן אין רוסיש, נישט אין יידיש. אויף רוסיש איז עס אויפן פּלאַץ, מ'זאָל די גוים געבן צו פאַרשטיין וואָס איז דאָס אַזוינס „קדיש", די באַדײַטונג פון קדיש. אָבער אויף יידיש איז דאָס נישט נייטיק, דער איבערזעצער האָט איבערזעצט די פּיעסע און ער האָט גאָרנישט געענדערט. דערפאַר איז אַרויס אַט דער גרייז.

איך האָב צוגעגעבן, אַז דער באַרימטער אָסיפּ דימאָוו איז נישט שולדיק. דער איבערזעצער האָט געקענט אויסמיידן דעם דיאַלאָג, אָדער נישט שטעלן אַזאַ הארבע פראַגע: „וואָס איז דאָס אַזוינס"? ער האָט געקענט פרעגן: „וואָס איז די באַדײַטונג פון קדיש"? ווײַל כ'בין זיכער, אַז אַ סך יידן ווייסן אפילו נישט דעם באַדײַט פון דער תפילה.

אָסיפּ דימאָוו האָט געשמייכלט ביי מיין לעצטן זאַץ.

(יאָר 1924)

# נע-ונד· אקטיאר אין אײראפּע

יאָר 1910

# צו 16 יאָר ווער איך אַ יידישער אַקטיאָר

אלס 16־יעריקער בחור'ל בין איך צום ערשטן מאָל ארויסגעפאָרן מיט א גרופּע אמאטאָרן (לוביטעלעס) שפּילן טעאטער. אין אַט דער גרופּע האָבן זיך געפונען צוזאמען מיט מיר פאַלגנדיקע יונגע ליבהאָבער: אברהם גאָלדגעוויכט (היינט אין בראזיל), יוסף קייזעראָוויטש, די עלענגאָלדס, די ברידער לעווין (2 זין פונעם שמש פון דער גענשער שיל אין ווארשע), מאַניע ליכטענשטיין, א שיינע, יונגע און שלאנקע בלאָנדינקע, און נאָך אנדערע, וואָס כ'געדענק נישט זייערע נעמען. געפאָרן זענען מיר שפּילן זאַלאָטאָרעווסקים פּיעסע „דער ישיבה־בחור" אינעם דאטשע־אָרט שווי־דער, עטלעכע סטאַציעס פון ווארשע.

ווי דער יונגסטער פון דער טרופּע האָב איך געשפּילט די ראָל פון ביינישל. איך בין געווען א צארט, בלאָנד יינגעלע און חברים האָבן מיך דעריבער גערופן „דער קליינער אברהמעלע".

געקויפט האָבן מיר באַן־בילעטן פון ווארשע קיין שווידער, בלויז אויף אהין. פאַרוואָס נישט אויך אויף צוריק, קען איך איצט זיך נישט דערמאָנען. מסתמא האָבן מיר נישט געהאַט גענוג געלט אויף אהין און צוריק און מיר האָבן געגלויבט, אז ס'וועט איבערבלייבן פון דער אייג־נאַמע אויף דער צוריקרייזע.

ארויסגעפאָרן זענען מיר אזוי ווי „מיר זענען געגאַנגען און געשטאַ־נען", ווי מ'זאָגט. נישט מיטגענומען קיין שום זאַך מיט זיך, אפילו קיין עסן נישט. בלויז א ביסל טעאטער־רעקוויזיט. אַלע מסתמא מיט גלויבן, אז ס'וועט שוין... איך האָב זיך אויסגעהיט, אז מיינע עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן. ס'איז געווען א סוד.

אונדזער פרייד איז געווען א גאָר גרויסע, ווען מיר האָבן, קומענדיק קיין שווידער, דערזען די קליינע, הילצערנע געביידע פון דעם זומער־טעאטער. מיר האָבן אַלע האסטיק געשפּאַנט אהינצו, כדי וואָס גיכער

אנצוקומען. אָבער פּלוצעם — באַץ! מיר זענען מיטאמאָל אַלע אריין אין אזא מין פלאך שטייענדיק וואסערל. פאַר דערשרעק זענען ביי אייניקע פון אונדז ארויסגעפאלן די פּעקלעך מיט די קליידער פון די הענט — דער גאַרדעראָב, אין וועלכן מ'האָט באַדאַרפט שפּילן... די מיידלעך האָבן געמאַכט אַ געוואַלד. קוים מיט צרות זענען מיר ארויס פונעם וואסערל. יענע, וועלכע האָבן געוואָלט אריבערשפּאַנען דאָס וואסערל און זיך דער־נענטערן צום טעאַטערל, זענען נאָך טיפער אריין אין וואסער. קוים זיך דערשלאָגן, דורך זייטיקע וועגן, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די ארבעט פון טריקענען די מלבושים.

די בינע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וועש־בוידעם מיט הענ־גענדיקע הויזן און ווייבערשע קליידלעך.

מיט עטלעכע טעג פאַר אונדזער אָנקום איז געהאַט אויסגעפאַלן אַ רעגן. איז אָנגעלאָפן אַ סך וואסער אויפן נידעריקן פּלאַץ ביים טע־אַטערל, און אַזוי ווי דאָס גרינע גראָז און די בלעטער פון די הויכע ביימער האָבן פאַרדעקט דאָס שטייענדיקע וואסער, האָבן מיר אַלע, באַ־גייסטערטע און ענטוזיאַזמירטע פון פרייד, אָנשטאָט צוקוקן אויף דער ערד, ווי מיר שפּאַנען, געקוקט פאַרחלומטע אויפן טעאַטער־בנין, און דעריבער זענען מיר אַלע ווי איינער אריינגעשפּאַנט מיטן גאַנצן רעק־וויזיט אינעם וואסער און געמאַכט אַ חורבן אין אונדזער גאַרדעראָב.

דעם גאַנצן טאָג, ביז צו דער פאָרשטעלונג, זענען מיר געווען פאַר־נומען מיטן טריקענען די הויזן, זאָקן, קליידלעך און שיך.

ביי די פּראָבעס איז די שטימונג געוואָרן אַ פרייליכע, נישט גע־קוקט אויף דעם וואָס מיר זענען געווען האַלב־נאַקעט. וועגן עסן האָבן מיר פאַרגעסן. קיינער האָט נישט דערמאָנט, נישט פאַרלאַנגט. ווער ס'איז געווען פאַרנומען מיט טריקענען די נאַסע בגדים און ווער מיטן צוגרייטן די פאָרשטעלונג. איז נישט געלעגן אין געדאַנק דאָס עסן.

אין נאַסע שטיוול האָבן מיר מיט אַ סך ליבע און ענטוזיאַזם גע־שפּילט די פאָרשטעלונג, נישט געקוקט אויף דעם וואָס עס זענען גע־קומען זייער ווייניק באַזוכער. כ'מיין, אַז דער עולם דאַטשניקעס האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו אונדז, צו אַן אַמאַטאָרן־טרופּע, וויל שווי־דער איז נאָענט פון וואַרשע, בלויז עטלעכע סטאַציעס, און דאָרט זענען

געווען אַזעלכע טעאַטערס ווי „עליזעאום”, „ערמיטאַזש” און „באַגאַטע־לא”. און ווער ווייסט — אפשר האָבן זיי געוווּסט וועגן דעם מאָך, גראָז און בלעטער, וואָס האָט פאַרדעקט דאָס וואַסערל נעבן דעם טעאַטער, און זיי האָבן נישט געוואָלט פּרובירן אַריינשפּאַנען!... די פאָרשטעלונג האָבן מיר פאַרענדיקט פאַרטאָג. קיין באַן אַהיימצופאָרן איז אין דער שעה נישט געווען; ווּ צו שלאָפן האָבן מיר נישט געהאַט. נו, האָבן מיר גענומען שפּאַנען צופוס מיט געזאַנג פון שווידער קיין וואַרשע.

דער וועג איז געווען אַן אָנגענעמער, אַ שיינער, צווישן גערטנער און זומער־דאַטשעס. מיר האָבן שפּאַנענדיק אויפן וועג די גאַנצע צייט געזונגען. און די מיידלעך האָבן אָנגעהאָנגען די שיך אויף די אַקסלען און מאַרשירט באָרוועסערהייט. אַלע פאָלקס־מאָטיוון האָבן מיר געלאָזט הערן די שלאָפנדיקע דאַטשניקעס. אַממיינסטן און אַמבעסטן האָבן מיר אַלע אין כאָר אויסגעזונגען אברהם רייזענס „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן, פריי באַהערשט די וועלט”...

מיט געזאַנג זענען מיר בשלום אָנגעקומען צו דער ראָגאַטקע, פון וואַרשע, אויסגעמוטשעטע, פאַרסמאַלעטע מיט פאַרשטויבטע שיך און קליידער, אָבער מיט דערהויבענע נשמות. מיט אַן איבערלעבער פרייד, וואָס מיר געפינען זיך שוין אין וואַרשע, האָבן מיר זיך געזעגנט און באַשלאָסן אויף מאָרגן זיך ווידער צונויפצוטרעפן ביי אַ חבר אין שטוב, כדי צו פּלאַנעווען אַ רעפּעטיציע פון אַ נייער טעאַטער־פּיעסע.

(יאָר 1910)

# מי זנאיעם ריבאַלסקאָווא

## (מיר קענען ריבאַלסקען)

פיר אַקטיאָרן זענען מיר געווען, וועלכע האָבן צוזאַמען געגעסן מיטיק אין אַ רעסטאָראַן אין יעקאַטערינאָסלאַוו. דאָס זענען געווען: דער באַרימטער יידישער אָפּערעטן־אַרטיסט מאָטל ריבאַלסקי, דער קאָמיקער פישער (מ'האָט אים גערופן דער שוואַרצער פישער, ווייל דער יידישער טעאַטער אין רוסלאַנד־פּוילן האָט געהאַט אַ סך אַקטיאָרן מיטן נאָמען פישער), שלמה טענענבוים, בראַנדעסקאָס געוועזענער שוואָגער, און איך, דער יינגסטער פון דער טרופּע אַקטיאָרן.

געשפּילט האָבן מיר אינעם ווייסן, שיינעם טעאַטערל, וועלכעס מ'האָט גערופן „בעלייווס טעאַטער". צו יענער צייט האָבן די ברידער אַדעלהיים, באַרימטע יידישע אַקטיאָרן פון דער רוסישער בינע, געשפּילט אינעם גאָראָדסקאָי טעאַטער דעם קלאַסישן רעפּערטואַר אויף רוסיש.

אין רעסטאָראַן האָבן מיר זיך געהייסן דערלאַנגען צו קליינע גלעזלעך „וואָדקאַ". ריבאַלסקי, דער באַרימטער אַקטיאָר צווישן אונדז אַלעמען, האָט ליב געהאַט צו טרינקען אַ סך בראָנפן. ער פלעגט טרינקען בראָנפן פון אַ טיי־גלאָז, געזופּט צוביסלעך, נישט צוגעביסן און נישט גערעדט, נאָר געזעסן און געשוויגן און מיט די פינגער געגלעט די מאָרדע.

ריבאַלסקיס נטויה צום טרינקען האָט זיך גענומען פון אַ ליבע. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, איז ער געווען אַ גרויסער אָפּערע־זינגער, פאַרנומען אַן ערשטן און אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער רוסישער אָפּערע.

ווען איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט, אין יאָר 1912, איז ער שוין געווען אין ירידה. מיר האָבן דעמאָלט געשפּילט ביי בראַנדעסקאָן אין טרופּע. ער האָט נישט געוואָלט מ'זאָל דערמאָנען זיין פאַרגאַנגענהייט. דער אַלטער פּיסזאָן האָט צוגערעדט ריבאַלסקין ער זאָל ווערן אַ יידישער אַקטיאָר. ער זאָל איבערלאָזן די אָפּערע און זינגען בעסער „בר־כוכבא",

„שולמית" און אַנדערע יידישע אָפּערעטעס. ריבאַלסקי, אַ צאַרטער און איידעלער מענטש, האָט איינגעוויליקט גישט אַזוי צוליב דער יידישער אָפּערעטע ווי צוליב ווערא זאַסלאַווסקאַ, וואָס איז געווען די ערשטע דאַמע און פּרימאַדאָנע פון פּיסזאָנס טרופּע.

ריבאַלסקי איז געווען שטערבלעך פאַרליבט אין דער זאַסלאַווסקאַ. אַפילו שפּעטער מיט אַ סך יאָרן, ווען איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט, האָט ער נאָך אַלץ גערעדט וועגן איר. זעט אויס, אַז ווערא זאַסלאַווסקאַ האָט געפונען אין מישאַ פּיסזאָנען (מ'האָט אים גערופן דער יונגער פּיס־זאָן) אַ בעסערן געשמאַק ווי אין ריבאַלסקין און זי האָט מיט אים חתונה געהאַט.

ריבאַלסקי פּלעגט זיך אָפּט קלאָגן. ער פּלעגט כסדר זאָגן, אַז מישאַ פּיסזאָן באַהאַנדלט זי נישט גוט.

— אַזאַ זשוליק ער שלאָגט איר! — האָט ער מיר איינמאָל געגעבן אַ זאָג. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט צוזאַמען אין איין צימער.

צוליב אַנטוישונג אין זיין ליבע האָט ריבאַלסקי אָנגעהויבן צו טרינ־קען. ער האָט געזוכט צו שטילן זיין בענקשאַפט צו ווערען און ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָדעסער דאַמע, וואָס האָט געהאַלטן אַ היטן־מאַ־גאַזין. אָבער ער האָט בעסער געוואָלט אַרומוואַנדערן מיט יידישע אַק־טיאָרן איבער רוסישע שטעט, ווי צו זיצן ביים ווייב אין מאַגאַזין. ער האָט זיך אָנגעהויבן שעמען מיט זיין געוועזענעם גרויסן נאָמען. ער פּלעגט זאָגן צו די אַקטיאָרן:

— גאָספּאָדאַ, אַז מיר קומען ערגעץ אין אַ טראַקטיר אָדער טשיינע, ראַדי באָגאַ, רופט מיך נישט ריבאַלסקי, נאָר מאָטעלע.

אין אַ יעקאַטערינאָסלאַווער רעסטאָראַן האָט טענענבוים פאַרגעסן וואָס ריבאַלסקי האָט מיט אים געהאַט אָפּגעמאַכט, אים נישט צו רופן ביים ריכטיקן נאָמען, און ער האָט אַ זאָג געטון:

— נו, ריבאַלסקי, טרינק שוין גיכער!

ביים צווייטן טיש איז געזעסן אַ גרופּע יונגעלייט, וואָס זענען געווען האַלב־שיכורלעך. ווען זיי האָבן דערהערט טענענבוימס לעצטע ווערטער, האָט איינער פון זיי זיך צעלאַכט.

— ריבאַלסקי? מי זנאַיעם ריבאַלסקאָווא. מיר געדענקען ריבאַלסקין,

ווען ער האָט געזונגען אין ראַפּאַלסקים אָפּערע. דער דאָך האָט געציטערט פון ריבאַלסקים שטימע. אויף גאַסן ווייט האָט מען אים געהערט, ווען ער האָט געזונגען. דער דאָ איז מסתמא אן אימיטאַציע פון ריבאַלסקין — האָט ער פאַרענדיקט, זיך צעלאַכנדיק.

כ'האָב א קוק געטון אויף ריבאַלסקין און געזען ווי עס בייטן זיך די פאַרבן אין זיין פּנים. ס'האָט מיך שוין פאַרדראָסן אויף טענענבוימען, פאַרוואָס ער האָט מיט זיין נישט פּאָרזיכטיקייט דערפירט דערצו, אז ריבאַלסקי זאָל זיך פילן אזוי דערשלאָגן.

דער יונגערמאַן האָט אָפּגעלייקנט, אז דאָס זאָל זיין ריבאַלסקי, טראָץ דעם וואָס די אַקטיאָרן האָבן אים פאַרזיכערט, אז ער איז עס יאָ, פּלוצעם האָט ריבאַלסקי זיך געגעבן א שטעל־אויף, דאָס פּנים רויט און א געשריי געטון מיט אויגן פול מיט טרערן, קלאַפּנדיק זיך אין ברוסט:

— דאָ יאָ ריבאַלסקי! דאָ יאָ ריבאַלסקי!!!

אין רעסטאָראַן האָט געהערשט א טויט שטילקייט, די יונגע לייט האָבן זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דאָס הייסט, אז דאָס איז ער טאַקע. כדי צו לינדערן דעם ווייטיק, וואָס מ'האָט אים פאַרשאַפט, האָבן זיי צוזאַמען מיט נאָך געסט אין רעסטאָראַן צונויפגע־רוקט די טישן און געפּראַוועט א גולאַנקע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים מיטאָג און געענדיקט מיט א שיכורער וועטשערע לכבוד ריבאַלסקין.
אהיים זענען מיר געגאַנגען שיכורלעך, דער איינציגער וואָס איז געווען ניכטער בין איך געווען, ווייל איך האָב קיינמאָל נישט ליב געהאַט צו טרינקען.

(יאָר 1912)

# שישי - פּאַר אַ אַקטיאָר

אין דער פּוילישער שטאָט וולאָדאָווע זענען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ פּאַרטאָג אויף וועגענער מיטן געזאַנג „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן", וועלכעס איז דעמאָלט געווען דאָס ליבלינגס־ליד פון די אַקטיאָרישע וואַנדער־טרופּעס. בעתן אַריינפאָרן אין שטאָט האָט איינער פון די אַקטיאָרן אַ זאָג געטון:

— קינדער, מיר וועלן דאָ האָבן אַ גרויסן דערפאָלג!

די אַקטיאָרן האָבן אים אָנגעקוקט מיט אַ פראַגע אין זייערע אויגן.

— נו, איר זעט דען נישט, אַז ס'איז פאַראַן אַ „קאָשטשאָל" (קירך) אויף אונדזער וועג! — האָט ער געענטפערט אויף די אָנגעשטעלטע בליקן. (דאָס איז אַזאַ אַקטיאָרישער אַבערגלויבן).

אין דער דאָזיקער שטאָט זענען מיר איינגעשטאַנען זאַלבעדריט: ישראל טורקעוויטש, נחמיה טרייסטמאַן, (וועלכער איז לעצטנס געווען פאַרנומען אין ווייסרוסישן יידישן טעאַטער), און איך, ביי זעלדע נאָטע קריינדלס.

ס'איז שבת אינדערפרי. ס'טומלט זיך און ס'ליאַרעמט אין הויז. דערשראָקענע שפּרינגען מיר אַראָפּ פון די בעטן. די באַלעבאָסטע באַרואיקט אונדז:

— שאַט, שאַט, סאיז גאָרנישט געשען. יידן זענען געקומען.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיט איבער אַ וואָך צוריק איז די יידע־נע געבליבן אַן אלמנה. אין משך פון די אַכט טעג שבעה האָט מען יעדן טאָג ביי איר אין שטוב געדאַווגט. אַזוי אַרום איז שוין די גרויסע פאָדער־שטוב געבליבן אַ שיל אויף די שבתים.

— ס'וואָלט זייער שיין געווען, זאָגט זי — ווען יידישע אַקטיאָרן דאַווענען. ס'קען העלפן צו די „זבאָרן"...

נישט מיט גרויס חשק האָבן מיר שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַריינ־צוגיין צום מנין. אָבער וואָס טוען נישט אַקטיאָרן צוליב אַ בעסערן

„זבאָר"? און חוץ דעם וועט דאָך אונדז זעלדע נאָמע קרייגדלס סיי־ווי נישט געבן קיין עסן ביז נאָכן דאַווענען.

ביים לייענען די תורה זע איך, ווי דער גבאי לאָזט נישט אראָפּ קיין אויג פון ישראל טורקעוויטשן. ער האָט אויסגעזען עלטער פון אונדז אַלעמען. כ'טראַכט זיך: ער וועט אים, טורקעוויטשן, מכבד זיין מיט אַן עליה...

און — געטראָפן! בעת דער בעל־קורא האָט געלייענט, האָט דער גבאי א פרעג געטון טורקעוויטשן ווי ער הייסט.

ביי שישי האָט דער גבאי געגעבן א רוף־אויס:

— יעמוד הבחור החתן נחמיה בן אהרן שישי...

נחמיה איז געוואָרן בלאַס און דערשראָקן. אויף אַזא אַטאַקע האָט ער זיך נישט געריכט. און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך צו קאָנצענטרירן, איז ער שוין געוואָרן איינגעהילט אין א גרויסן טלית... און מ'האָט אים צוגעפירט א צעטומלטן צו דער תורה...

דער גבאי האָט מיט א פּאָר ווילדע דערשטוינטע אויגן אים אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט: וואָס וויל דער? כ'האָב דאָך גערופן יענעם צו דער תורה!...

נחמיה, א דערשראָקענער, א צעטומלטער, האָט זיך פאַרבולבעט ביים זאָגן די ברכה... אַנשטאָט די ערשטע האָט ער געזאָגט די צווייטע ברכה... מ'האָט אים אַרויסגעהאָלפן און ער איז דערביי געוואָרן רויט ווי א בוריק...

טורקעוויטש האָט זיך שפּעטער א פאַרשעמטער פאַר אונדז פאַרענטפערט, פאַרוואָס ער האָט אָנגעגעבן נחמיהס נאָמען אַנשטאָט זיינעם.

ערשטנס, האָט ער בכלל מורא געהאַט פאַר די קליינע אותיות, און צווייטנס: צוליב דער ענלעכקייט פון די ביידע ברכות ביי דער תורה האָט ער זיך געשראָקן, ער זאָל זיך צוליב דעם נישט פאַרפּלאָנטערן, האָט ער צום גבאי געזאָגט נחמיהס נאָמען...

# דער אורעדניק וויל אראפלאזן דעם פארהאנג אין מיטן שפילן

אינעם שטעטל פונטאקלעיעווקא, (נאווא אלעקסאנדרינא), קיעווער גובערניע, ווו עס איז אין די צארישע צייטן געווען פארבאטן צו שפילן יידיש טעאטער, האב איך זיך אין יאר 1912 צופעליק צונויפגעטראפן מיטן רוסישן קופלעטיסט זינגערטאל.

דארטן האבן מיר זיך באקענט מיטן דעמאלט פאפולערן טעאטער־דירעקטאר מישעראד, וועלכער האט, נישט געקוקט אויפן גובערנאטארס פארבאט, פונדעסטוועגן יא געשפילט יידיש טעאטער.

ווען איך האב געפרעגט די מישעראדס, ווי אזוי זיי האבן דאס באוויזן צו שפילן טעאטער אויף יידיש, האט מיר די מאדאם מישעראד געגעבן א ווונק מיטן אויג, ווי איינער רעדט: פארלאז זיך אויף מיר!

איך האב נאך פריער געהאט געהערט, אז זי איז א בריה ארויסצונעמען א דערלויבעניש ביים פאליציי־מייסטער.

מישעראדס פרייד איז געווען גרויס, ווען זינגערטאל און איך האבן איינגעוויליקט מיטצושפילן אין דער פיעסע „דאס פינטעלע ייד". א קלייניקייט יידישע אקטיארן נישט קיין „לוביטעלעם"! (מישעראדס טרופע איז באשטאנען פון ליבהאבער, וואס ער האט צונויפגענומען אין די שטעטלעך פונעם קיעווער קרייז — ביעלא צערקאוו, פאסטאוו א"א). מיר האבן באלד געמוזט מאכן „לחיים" מיט אים אויף דעם סמך, אגב א זאך, וואס ער האט נישט פיינט געהאט.

מ'האט אויסגעטיילט די ראלן. זינגערטאל, וועלכער האט גערעדט א געהרגעטן יידיש, האט געדארפט שפילן די ראל פון ביינישל, לייזער קאוואלס זון. זיין גאנצע ראל איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט אלע ווײלע געדארפט אויסרופן: „העי, פאפאשא, דאוואי לאפוכא, אי טי,

טאַמאַשאַ, סטאַרא סטאַרוכאַ״, און ער האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן ערשט
אין צווייטן אַקט.

איך אַליין האָב געדאַרפט שפּילן די ראָל פונעם גראַף. אַזוי ווי איך
האָב איך אין דער ראָל געדאַרפט רעדן רוסיש, וואָס איך האָב נישט גע־
קענט פּערפעקט, האָט מיך די מאַדאַם מישעראַד באַרואיקט, אַז אַנשטאָט
רוסיש מעג איך אין דער ראָל רעדן דייטש.

אין יענע יאָרן האָבן טאַקע אַלע אַקטיאָרן פון דער יידישער בינע
גערעדט האַלב־דייטש, חצי יידיש. מ׳האָט זיך טאַקע אָנגערופן: „ניע־
מעצקאַ־יעוורעיסקאַ טרופּאַ״.

יענע, וועלכע האָבן געהאַט פאַלקסטימלעכע ראָלן, האָבן גערעדט אין
אַ ריינעם מאַמע־לשון; דאַקעגן יענע, וועלכע האָבן געשפּילט כלומרשט
אינטעליגענטישע ראָלן, אַזעלכע, למשל, ווי אַ דאָקטאָר, אַן אַפּטייקער,
אַ רייכער סוחר אָדער גאָר אַ קריסט — זיי האָבן גערעדט אין אַ גאַלי־
ציאַנער דייטשמעריש.

שבת אָוונט. דער „פּאָזשאַרנער סאַריי״, דער שטאָט־טעאַטער, הייסט
עס, איז געווען פול באַזעצט. כ׳האָב זיך לגמרי נישט פאַרגעשטעלט, אַז
אין שטעטל זענען פאַראַן אַזוי פיל יידן. פון אַלע גאַסן און געסלעך האָבן
זיך געצויגן פאַמיליעס גאַנצע צום סאַריי.

איך האָב דורכן לעכל אין פאָרהאַנג אַריינגעקוקט אין טעאַטער־זאַל
און געזען, ווי מישעראַד טוט עטלעכע אַרבעטן מיטאַמאָל: פאַרקויפט בי־
לעטן, לאָזט אַריין דעם עולם אינעם טעאַטער און שטופּט דאָס געלט אין
די קעשענעס, ווייל דאָס קעסטל איז שוין געווען איבערפול.

דעם עולם זע איך אַ צופרידענעם, ווי ער זעצט זיך אויס מיט פרייד־
דיקע פּנימער אויף די שטולן און ווי ער וואַרט מיט אומגעדולדיקייט צו
הערן אַ יידיש וואָרט פון דער בינע. אין דער ערשטער ריי דער אוראַדניק.
פון איין זייט די לאַנגע שווערד, וועלכע שלעפּט זיך אים נאָך, און אין
דער האַנט פון דער אַנדערער זייט — אַ קאַנטשיק. מדערקענט אין זיינע
אויגן, אַז ער איז פריילעך, אויפגעלייגט — מן הסתם געמאַכט אַ שנעפּסל.
ער זיצט און גלעט זיך די לאַנגע וואָנצעס און פילט זיך מעשה באַלעבאָס.

מ׳גיט דעם ערשטן קלונג — דער עולם גיט זיך אַ טרייסל, דעם

צווייטן קלונג — דער אוראַדניק שטעלט אָן די אויערן און באַטראַכט דעם זאַל.

די פאָרשטעלונג הייבט זיך אָן. דער עולם זיצט מיט שמייכלענדיקע און צופרידענע פּנימער. אַ קלייניקייט — מ׳רעדט יידיש פון דער בינע אַראָפּ!

דער אוראַדניק האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ אין דער ערש־טער ריי און זיך פאַרנומען צו די קוליסן הינטער דער בינע. ער האָט אַרויסגעשלעפּט די שווערד פון דער שייד און מיט איר געוואָלט איבער־שניידן דעם שטריק פונעם פאָרהאַנג, אַז ער זאָל זיין אַראָפּלאָזן. אָבער מיטאַמאָל איז אויסגעוואַקסן נעבן אים די מאַדאַם מישעראַד און אים אָנ־געכאַפּט ביי דער האַנט:

— ראַדיע באָגאַ! טוט דאָס נישט! — האָט זי זיך ביי אים געבעטן.

— מיר וועלן שפּילן אויף רוסיש אָדער אויף דייטש!

— פּאָ יעווריעיסקו ניעלזאַ! — האָט זיך דער אוראַדניק צעשריגן.— פּאָניעמאַיעם, זשידאָווסקאַ שטוקאַ!

די מישעראַדעכע, אַ האַלב־גרימירטע, האָט אים פאַרזיכערט, אַז מ׳וועט רעדן אויף רוסיש, און שמואל שמש האָט טאַקע דער ערשטער אָנגעהויבן רעדן אויף רוסיש.

אַ צופרידענער איז געזעסן דער אוראַדניק און זיך געריבן די וואָנצעס.

***

איידער איך מאַך מיין אויפטריט, וואַקסט נעבן מיר אויס מישעראַד און מיט אַ געבעט אין זיין שטימע ווענדט ער זיך צו מיר:

— ראַדיע באָגאַ, רעדט רוסיש!

אויך די מאַדאַם מישעראַד שטייט־צו צו מיר:

— גאָלובטשיק, האָט רחמנות, רעדט רוסיש!

— איך רוסיש? ווי קום איך צו רוסיש! איך וועל רעדן דייטש!

מיין אַרויסקום אויף דער בינע מיט אַ קנאַק און מיט אַ שפּראַך, וואָס איז געווען אומפאַרשטענדלעך פאַרן אוראַדניק, האָט אים געמאַכט נערוועאיש, ער האָט זיך געהויבן און גערוקט אויפן פּלאַץ און אונדז גע־וויזן די שווערד, אַז ער גייט איבערשניידן דעם שטריק פון פאָרהאַנג.

וואָס מער דער אוראַדניק איז געוואָרן נערוועייש, אַלץ מער האָב איך פאַרדרייט די יידישע ווערטער אז זיי זאָלן קלינגען דייטשמעריש, פון די קוליסן־טירן האָבן שטימען פון אַלע זייטן מיר געשושקעט: רעדט רוסיש! רעדט רוסיש!

מישעראַד, וועלכער האָט געהאַט זיין ראָל צוזאַמען מיט מיר אויף דער בינע, האָט נישט גערעדט וואָס ער האָט געדאַרפט רעדן לויט זיין ראָל, נאָר זיך געווענדט צו מיר:

— גאַוואַריטי פאָ רוסקי! דער עולם וועט פאָדערן צוריק דאָס געלט פאַר די בילעטן! מאַכט אונדז נישט אומגליקלעך!

עס איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו ראַטעווען די סיטואַציע און כ׳בין אַראָפּ פון דער בינע, איבערלאָזנדיק מישעראַדן אַליין.

איך האָב גענומען זוכן זינגערטאַלן, כדי אים אַרויפצושיקן אויף דער בינע, די אַקטיאָרן, פאַרלוירענע, צערודערטע, דערקלערן מיר, אַז זינגערטאַל דאַרף ערשט אויפטרעטן אין צווייטן אַקט.

צום גליק איז ער פונקט אָנגעקומען. איך בין תיכף צוגעפאַלן צו אים און זיך געבעטן ביי אים:

— זינגערטאַל, ראַטעווען די סיטואַציע! גיי אַרויף אויף דער בינע און זינג רוסישע קופּלעטן.

אַ פרייליכער איז ער אַרויף אויף דער בינע און אָנגעהויבן דערלאַנגען איין רוסישן קופּלעט נאָכן אַנדערן, אַז דער אוראַדניק צוזאַמען מיטן עולם האָבן געשטורעמט דעם פון בלעך צונויפגעשטעלטן סאַריי־טעאַטער מיט אַפּלאָדיסמענטן.

שפּעטער, ווען לייזער קאָוואַל מיטן ווייב האָבן זיך באַוויזן אויף דער בינע נאָך זינגערטאַלס אָפּזינגען אַ האַלב טוץ קופּלעטן, האָט דער אוראַדניק אַ מאַך געטאָן אומצופרידן מיט דער האַנט און פאַרלאָזט דעם סאַריי. מיר האָבן די פּיעסע אָנגעהויבן פון אָנהייב און זי פאַרענדיקט אויף יידיש.

(יאָר 1912)

# יידיש טעאטער אין קריגסגעפאנגענשאפט

ליבער, אומפארגעסלעכער חבר א. מידע:

צום לעצטן מאָל האָבן מיר זיך דאָ פאַרזאמלט. אונדזערע וועגן שיידן זיך איצט פונאנדער. דו גייסט ווידער ארויס אין דער גרויסער און פרייער וועלט, דערלויבט־זשע אונדז דאָ דיר אויסצודריקן אונדזער הארציקע און ווארעמע דאַנקבארקייט און אָנערקענונג פאר דיין גרויסער מי און הילף ביים אָרגאניזירן אונדזער ליבן דראמאטישן קרייזל. לאנג פאר דיין אָנקומען צו אונדז האָבן מיר געטרוימט וועגן פאָרשטעלונגען אויף אונדזער מאמע־לשון. נאָר ליידער האָט זיך עס נישט געקענט פארווירקלעכן איבער פארשיידענע סיבות. אָבער ווי נאָר דו ביסט געקומען — און אונדזערע טרוימען און פארלאנגען האָבן אָנגענומען א רעאַלן, א לעבעדיקן כאראקטער. דו האָסט ארום זיך צוזאמענגעקליבן פאסיקע און יונגע קרעפטן און פאר אונדז באוויזן ליבע, נאָענטע און היימישע בילדער אויף אונדזער שפראך. יעדע פאָרשטעלונג איז פאר אונז געווען א יום־טוב, א פייערטאָג אין אונדזער גרויען איינטאָקיגן לעבן.

פארשיידענע זכרונות פון דער ליבער פארגאנגענהייט האָסטו מיט דיינע מיטהעלפער דערוועקט אין אונדז. א גרוס פון אונדזער ווייטער היים האָבן מיר געזען אין די פון דיר רעזשיסירטע פאָרשטעלונגען און דו האָסט אזוי ארום אויפגעוועקט, אויפגעלעבט אונזער מוט.

און איצט, ביי אונדזער צעשיידן זיך מיט דיר, מישט זיך צוזאמען א געפיל פון טרויער און פרייד, פון פיין און שמחה אין אונדזערע הערצער. מיר טרויערן וואָס דו גייסט אוועק פון אונדז, און מיר פארבלייבן דאָ אליין, אָן א פירער, אָן א וועגווייזער, און מיר פרייען זיך וואָס ענדלעך עפענען זיך פונאנדער די טויערן פון

געפאַנגענשאַפט און דו וועסט געפינען אַ ברייט פעלד פאַר דיין אַרטיסטישער טעטיקייט.

מיר ווינטשן דיר, ליבער חבר, דערפאָלג אין דיין וויטערדיקער אַרטיסטישער טעטיקייט אויף אַ פרייער יידישער בינע אין קינסטלערישע יידישע לעבנסשטיק.

צאתך לשלום ובואך לשלום!

יידישער דראַמאַטישער ליבהאָבער־פאַראיין
„שלום עליכם" אין קריגסגעפאַנגען־לאַגער
וויזעלבורג ביי ווין (נידער־עסטרייך)

דעם 25טן נאָוועמבער 1916.

פאָרזיצנדער: ל. גורעוויטש
סעקרעטאַר: י. סידעלניק
קאַסיר: ראָנזשעס

צוזאַמען מיט טויזנטער נייע קריגס־געפאַנגענע בין איך אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעקומען קיין וויזעלבורג, נעבן ווין, אין אַ לאַגער, וווּ ס'האָבן זיך געפונען 80.000 געפאַנגענע רוסן. דאָס איז געווען אַ גאַנצע שטאָט, מיט אַ קירך, אַ שיל, אַ ביבליאָטעק, אַ טעאַטער, שול, פאַבריקן, שפּיטעלער, אַ בלאָז־אָרקעסטער, אָרקעסטער פון פידלען און באַלאַלאַיקעס, 2 דיריגענטן, אַ חזן, שערערס און אַלץ וואָס אַ גרויסע שטאָט דאַרף האָבן איז געווען אין אָט דעם לאַגער פון געפאַנגענע רוסישע סאָלדאַטן.

ווי נאָר מיר זענען אָנגעקומען אינעם לאַגער, זענען מיר אָפּגעפירט געוואָרן אין באָד־אַנשטאַלט, וווּ מ'האָט אונדז אַלעמען אָרומגעשוירן, אָרומגעוואַשן און דעזינפעקטירט אין ספּעציעלע אויוונס אונדזערע מלבושים. דערנאָך האָט מען אונדז פונאַנדערגעשיקט אין די פאַרשיידענע באַראַקן.

דער קאָמאַנדיר פונעם לאַגער, אַן עסטרייכישער פּאָלקאָווניק (אָבערסט), שטייט ביים טיש, וווּ מען פאַרשרייבט די נעמען פון די ערשט־

אָנגעקומענע געפאַנגענע. נעבן אים אייניקע פון זיינע אדיוטאַנטן. אַזוי ווי מ׳פרעגט יעדן וועגן זיין ציווילער באַשעפטיקונג, טראַכט איך ווי אַזוי זיך צו פאַרשרייבן, כדי אויפצונעמען צו ווערן וואָס בעסער.

נעם איך אָן דעם שנעל באַשלוס, שטעל זיך אַוועק אין אַ מיליטער־רישער פּאָזיציע פאַרן פּולקאָווניק.

ער באַטראַכט מיך און פרעגט מיך וואָס איך פאַרלאַנג.

— הער פּולקאָווניק, — ווענד איך זיך צו אים — איך בין אַ טיכ־טיקער סאַניטאַר. כ׳בין געווען 16 חדשים אין קייסער און קעניגלעכן פעלד־שפּיטל פון XII-6, ביז דער פראָנט איז דורכגעבראָכן געוואָרן. כ׳וויל בעטן מ׳זאָל מיך אַנשטעלן אין לאַגער־שפּיטאָל.

— וואָס האָט איר געטון אין פרידנסצייט? — פרעגט ער מיך.

— אַן אַקטיאָר, ה׳ פּולקאָווניק.

— אַ שוישפּילער? זייער גוט. מיר האָבן דאָ אַ פיין טעאַטער מיט אַלץ וואָס אַ טעאַטער דאַרף האָבן. אָבער מיר האָבן נישט קיין רעזשיסאָר. אַלזאָ, איז גוט. איר ווערט אָנגעשטעלט אַלס רעזשיסאָר פונעם לאַגער־טעאַטער. ה׳ אָבערלייטענאַנט, — ווערט ער זיך צו זיין אַדיוטאַנט — אַט דער רוס גייט גלייך אין דער צווייטער אָפּטיילונג, אין דעם אינטע־ליגענץ־באַראַק. דער הער רוסע וועט זיין דער רעזשיסאָר פון אונדזער טעאַטער.

און צו מיר ווענדט ער זיך מיט דער פראַגע:

— איר קענט דייטש?

— דייטש, אונגאַריש, רוסיש, פּויליש און ייִדיש.

— גרויסאַרטיק! איר וועט גלייך באַקומען אייער פּאָסטן.

— אַ דאַנק ה׳ פּולקאָווניק.

כ׳בין גלייך געשיקט געוואָרן אין דער צווייטער אָפּטיילונג.

פון דאַנען האָט מען קיינעם נישט געשיקט אויף אַרבעט. דאָ האָבן זיך געפונען געפאַנגענע אָפיצירן, שרייבער, סאַניטאַרן, לערער, מוזיקער — די אינטעליגענץ פון לאַגער, און אויך רעקאָמענדירטע, פּראָטעקציע־מענטשן.

אַ גרויסע פרייד האָט געהערשט אין אַט דער אָפּטיילונג, ווען מ׳האָט

זיך דערוווּסט וועגן מיין אָנקומען. א קליינינקייט, א רעזשיסאָר! און דערצו נאָך א פּראָפעסיאָנעלער יידישער אַקטיאָר!

מ'האָט גלייך דורכגעפירט א פאַרזאַמלונג פון אַלע ליבהאָבער אַק־טיאָרן און מוזיקער און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן א פאַרוואַלטונג. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַריין אין דער פאַרוואַלטונג, און די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען דעם באַשלוס מיר פאַרצוליייגן דעם אַמט ווי א הויפּט־רעזשיסאָר פון „קרוזשאָק". דער גאַנצער „קרוזשאָק" איז באַשטאַנען פון 40 ליבהאָבער, צונויפגעשטעלט פון מענטשן, וועלכע האָבן גערעדט אין דריי שפּראַכן: רוסיש, פּויליש און יידיש.

ביז מיין אָנקומען האָט מען אין יידיש נישט געהאַט געשפּילט.

דער באַפעל פונעם פּאָלקאָווניק איז געווען מיר צו געבן עסן פון דער אָפיצירן־קיך; מ'האָט באַשטימט א געפאַנגענעם ער זאָל מיך באַדינען, זיין מיין דינשטשוק.

כ'פלעג פון צייט צו צייט, אין באַגלייטונג פון אַן עסטרייכישן סאָל־דאַט אַלס וואַך, פאָרן קיין ווין איינקויפן טעאַטער־פּיעסן און אַנדערע רעקוויזיטן.

עטלעכע מאָל בין איך אַפילו געווען אינעם ווינער יידישן טעאַטער פון פאַדזאַמטשע און די אַקטיאָרן פלעגן זיך וווּנדערן ווי אַזוי איך קען אַלס געפאַנגענער קומען אין טעאַטער. זיי פלעגן זיך גרויסן, אַז נאָר ביי זייער קייסער פראַנץ יאָזעף באַהאַנדלט מען אַזוי א „פּאַניע גנב".

א ניי לעבן איז אויפגעקומען אין לאַגער.

דער טעאַטער האָט געהאַט אַלץ: דעקאָראַציעס, קאָסטיומען, פּאַריק־מאַכערס, מעבל, רעקוויזיט, א ביבליאָטעק. דאַכט זיך, אַז קיין שום אויעזד־נע שטאָט אין רוסלאַנד האָט דאָס נישט פאַרמאָגט. מיר האָבן געהאַט צווישן אונדז קונסטמאָלער, א פאַבריקמאַכער פון א גרויסער אוקראַינישער טרופּע, דעם באַקאַנטן קאַפּעלמייסטער טאַובער פון לובלין, דעם רוסישן אַקטיאָר פּליסקין פון סיביר, דעם באַרימטן רוסישן פּיאַניסט שטאַמער, דעם חזן שלמה הערשמאַן, דער יינגערער ברודער פונעם חזן מרדכי הערשמאַן פון ווילנע, דעם חזן אורזשאַנסקיס זון פון לאָדזש. אַלץ וואָס א גוט טעאַטער דאַרף האָבן איז געווען אין לאַגער. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגן מיר שפּילן פאַר אָרעמע סאָלדאַטן אומזיסט.

פאַר די עסטרייכער פלעגן מיר שפּילן אויף דייטש. פאַר די רוסישע אָפיצירן האָבן מיר צוגעגרייט באַזונדערע פאָרשטעלונגען פון גוטע, ליטע־ראַרישע פּיעסן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּרויען־ראָלן האָבן געמוזט שפּילן מענער, פּונקט ווי דאָס איז געווען איינגעפירט מיט הונדערטער יאָרן צוריק. פיל געלעכטער פלעגן אַרויסרופן די קאָמישע כאַראַקטער־ראָלן פון מענער, וועלכע זענען געווען גרימירט און אָנגעטון ווי פרויען. דער חבר סאָלאָוויי פון סלאָנים, וועמען כ'האָב שפּעטער באַגעגנט אין סאָוויעטן־רוסלאַנד אַלס אַן אָנפירער פון אַ פּאָליטישן אַמט, האָט בעת אונדזער צעשיידן זיך פונעם לאַגער, דעמאָלט מיר געווונטשן, אַז אין מיינע צוקונפטיקע אַרבעטן אויף דער יידישער בינע מיט שיינע יונגע פרויען זאָל איך נישט פאַרגעסן אין אים, וואָס ער האָט אין לאַגער געשפּילט די קאָמשע ראָלן פון פרויען.

ביסלעכווייז אָבער האָבן די צושויער זיך צוגעוווינט צו די פּערסאָ־נאַזשן און מ'האָט מיט ליבע אויפגענומען יעדע פאָרשטעלונג.

***

אין עטלעכע חדשים אַרום איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון דער הויכער מיליטערישער קאָמאַנדע פון ווין, אַז אַלע קריגס־געפאַנגענע רוסן, וועל־כע געהערן צו פּוילן, זאָלן אָפּגעשיקט ווערן אַהיים, וועלכעס איז געווען אָקופּירט פון עסטרייך און דייטשלאַנד.

די פרייד איז נישט צום באַשרייבן, אַ קלייניקייט: מ'פאָרט אַהיים! איז דען פאַראַן אַ שענערע און הייליקערע זאַך ווי אַהיים!

מ'האָט איינגעאָרדנט אַ באַנקעט צו מיין געזעגענען זיך מיט אַלע חברים און פריינט. מ'האָט געהאַלטן רעדעס און איך האָב באַקומען אַ סך געשאַנקען ווי אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט; אויך אַ גרויסן און שיינעם אַלבום, אונטערגעשריבן פון דער פאַרוואַלטונג און פון אָנגעזעענע פּער־זענלעכקייטן. (די בלעטלעך פונעם היסטאָרישן אַלבום געפינען זיך אין בוענאָס־איירעסער „ייוואָ").

(יאָר 1916)

